נחמן מייזיל

# דורות און תקופות אין דער יידישער ליטעראַטור

בלעטלעך צו דער געשיכטע און צו דער כאַראַקטעריסטיק
פון דער יידישער ליטעראַטור

פאָלקס־ביבליאָטעק
שרייבער־סעקציע ביים איקוף
ניו־יאָרק

Pillsdorf Printing Co.  214 417 Lafayette St., N. Y.

דאָס ביכל, דאָס ערשטע בוך
פון דער „פאָלקס־ביבליאָטעק",
איז דערשינען מיט דער הילף
פון דער קעסמאַן־פאַמיליע
צום אָנדענק פון דער פרי־
פאַרשטאָרבענער
ל א ה  ק ע ס מ אַ ן

NACHMAN MEISEL

Doros Un Tkufos
In Der Yidisher Literatur

Printed in U.S.A.

New York, 1942

# צום לייענער

די פינף אַרטיקלען, וואָס גייען אַריין אין דעם בוך, זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן די לעצטע פאָר יאָר, אין די יאָרן 1938־1942. זיי ווערן געגעבן אין דער פאָרם ווי זיי זענען געשריבן, הגם פאַר דער צייט זענען פאָרגע־קומען אין דער וועלט בכלל און אין דער יידישער וועלט בפרט וויכטיקע געשעענישן, וואָס האָבן אינגאַנצן געענדערט דעם אויסזען, דעם כאַראַק־טער פון די יידישע ישובים מיט זייערע שאַפונגס־צענטערן און אויך לחלוטין איבערגעשיכטעט זייערע שרייבער־גרופעס.

ביים שרייבן די אַרטיקלען האָב איך זיך געשטעלט די אויפגאַבע אַרויס־צוברענגען אַ ל ג ע מ י י נ ע שטריכן צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור און צו דער כאַראַקטעריסטיק פון די פאַרשיידענע ליטעראַרישע דערשיינונגען און גרופירונגען אין די פאַרשיידענע לענדער אין לויף פון די לעצטע יאָרצענדליקער.

עס איז, פאַרשטייט זיך, אוממעגלעך אין עטלעכע קירצערע אַרטיקלען אויסצושעפּן די אַלע פראַגן און פּראָבלעמען, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער גרויסער טעמע — ד ו ר ו ת  א ו ן  ת ק ו פ ו ת  א י ן  ד ע ר  י י ד י ש ע ר  ל י ט ע ר אַ ט ו ר . און עס איז אוודאי אויך נישט מעגלעך צו געבן אויס־פירלעכע און גרינטלעכע אָפּשאַצונגען און כאַראַקטעריסטיקעס וועגן די שרייבער, וואָס זענען דערמאָנט אין די געבראַכטע אַרטיקלען. וועגן אַ גרוי־סער צאָל קינסטלער איז מיר אויסגעקומען צו שרייבן גרעסערע אַרבעטן און אָפּהאַנדלונגען, — ביכער און בראָשורן.

און נאָך עפּעס : געוויס פעלן אויס נעמען פון שרייבער, ביים אויס־רעכענען ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן די שרייבער פון די פאַרשיידענע דורות. עס איז דאָך שווער אַלעמען צו דערמאָנען, ווי מען זאָל נישט וועלן זיין וואָס־פינקטלעכער.

**אַפּריל, 1942**

**נ. מ.**

# דער איבערבראָך

אין זיין קורצער הקדמה צום בוך „פון זשאַרגאָן צו יידיש" (געשריבן אין 1929), זאָגט צווישן אַנדערן פּראָפ. שמעון דובנאָוו: „דער נייער דור מוז וויסן, אַז מיט פערציק־פופציק יאָר צוריק האָט זיך אַפילו מענדעלען, שלום־עליכמען און אַנדערע „זשאַרגאָנישע" שרייבער ניט געחלומט, אַז ס'וועט קומען אַ צייט, ווען יידיש וועט קאָנען קאָנקורירן מיט העברעאיש, אָדער נאָך מער מיט די „געהויבענע" אייראָפּעאישע שפּראַכן אין דער מאָדערנער שול און ליטעראַטור, אין דער פּרעסע און אין וויסנשאַפט; אַז זי וועט אַזוי גיך פון אַ „המון־שפּראַך" אויסוואַקסן צו אַן אמתער פאָלקסשפּראַך. אַ יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט מיט גרויסע אַקאַדעמישע בענדער, פול מיט וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען אין געשיכטע, עקאָנאָמיק, פילאָלאָגיע, עטנאָגראַפיע, פאָלקלאָר. — פאַר אַ ווילדן פאַנטאַסט וואָלטן מיר געהאַלטן יענעם, וואָס וואָלט אונז אַמאָל נביאות געזאָגט וועגן אַזאַ מעגלעכקייט. און דאָס ווערט דאָך געשאַפן פאַר אונזערע אויגן, און דאָס איז נאָר אַ קליינע התחלה!"

אָבער ניט נאָר מענדעלען און שלום־עליכמען, אויך שמעון דובנאָוון האָט זיך עס צוריק מיט אַ 50 יאָר ניט געחלומט.

אין זיין אויטאָביאָגראַפיש ווערק „קניגאַ זשיזני", רעדנדיק וועגן זיין אַמעריקאַנער שטעלונג צו יידיש (דאַן נאָך „זשאַרגאָן") און דערמאָנענדיק, אַגב, זיין אַרטיקל וועגן י. ל. גאָרדאָנס יידיש ביכל „שיחת חולין" אין „וואָסכאָד" (1886) שרייבט ש. דובנאָוו: „...איך בין דאַן ערשט געשטאַנען אויפן וועג צו אנערקענען ד ירעכט פונם אַלעמען אָפּגעשטויסענעם „זשאַרגאָן" אויף אַלע געביטן פון ליטעראַטור" (באַנד 1, ז' 197). אָבער דאָס איז ניט גאָר ריכטיק. דער אַרטיקל איבער י. ל. גאָרדאָנס ביכל יידישע לידער איז געשריבן מיט אַ באַשטימטער נעגאַטיווער באַציאונג צו יידיש. אָט וואָס קריטיקוס (פּסיידאָנים פון ש. דובנאָוו) האָט געזאָגט: „איך בין זיך מודה, אַז ניט אָן אַ געוויסן פאָראורטייל זענען מיר צוגעטראָטן צו לייענען אָט דאָס קליינע ביכל, וואָס איז אָנגעשריבן דורך אַזאַ אָנגעזעענעם שריפטשטעלער פון דער יידישער (געמיינט העברעאישער) ליטעראַטור. אונזער פאָראורטייל באַציט זיך בעיקר צו דער פאָרם פונם נייעם ווערק פון דעם דיכטער, אָדער ריכטיקער געזאָגט — צו זיין שפּראַך. די רעכט פונם יידישן

זשאַרגאָן אויף ליטעראַטור און בפרט אויף דיכטונג האָבן פון אַלע מאָל אויסגעזען אין אונזערע אויגן צווייפלהאַפט. כדי צו ווערן אַ ליטעראַרישע שפּראַך, דאַרף זשאַרגאָן קודם כל זיין פשוט אַ שפּראַך, ד. ה. האָבן אַ פעסט־געשטעלטע גראַמאַטיק און פּראָזעלאָגיע, וואָס זאָלן ניט דערוועקן קיין חילוקי־דעות. זשאַרגאָן באַפרידיקט ניט אָט די פאָדערונגען. די זשאַרגאָ־נישע שפּראַך פאַרמאָגט אין זיך עפּעס אומגעלומפּערטעס און לעכערלעכס, זי איז צוגעפּאַסט פאַר זייער אַ באַגרענעצטן קרייז באַגריפן".

אַזוי האָט געשריבן קריטיקוס־דובנאָוו אין דער סאַמע הייסער צייט פונם קאַמף פאַר און קעגן יידיש, וואָס איז דאַן אָנגעגאַנגען אין דער פּרעסע און אין די „העכערע" יידישע געזעלשאַפטלעכע קרייזן.

אַזאַ נעגאַטיווע, ביטולדיקע באַציאונג צו יידיש האָט ביי דובנאָוון לאַנג ניט געדויערט. און גראָד אין אָט די פאַר יאָר, און בעיקר אין יאָר 1888, איז פאָרגעקומען אַ שטאַרקע ענדערונג, כמעט אַן איבערבראָך אין דער אויפ־פאַסונג און אין דער שטעלונג צו יידיש, אָדער, ווי אויך די פריינד פון יידיש האָבן גערופן דאָס יידישע לשון, „זשאַרגאָן".

מיטאַמאָל האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן ערנסטע און טיפע סימנים פון אַ ראַדיקאַלער ענדערונג צום יידישן מאַמע־לשון. די ענדערונג איז פאָרגעקומען אין פאַרשיידענע ערטער, ביי פאַרשיידענע קרייזן. און עס איז צו־שפּעט צו מיינען, אַז דאָ האָבן בלויז געשפּילט אַ ראָלע די יידישע זאַמלביכער, וואָס האָבן דאַן אָנגעהויבן צו דערשיינען. ניין, די זאַמלביכער גופא זענען שוין געווען דער רעזולטאַט פון דער סטיכיע, פונם דראַנג פון דער יידישער מאַסע צו דער יידישער שפּראַך.

די פּאָגראָמען פון די 80ער יאָרן, וואָס האָבן אַריינגעטראָגן אַ טיפע אַנטוישונג און גלייכצייטיק אויפגערודערט די יידישע מאַסן פאַר אַ ביי לעבן און בייע זוכענישן, די רעוואָלוציאָנערע, פאָלקיסטישע („נאַראָדניטשעסקע") באַוועגונג אין רוסלאַנד, די מאַסן־עמיגראַציע קיין אַמעריקע און אַרגענטינע, דער אויפגעוועקטער יידישער נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין, — אַלץ צוזאַמען האָט אַקטיוויזירט די כוחות, וואָס זענען געווען פאַרשלאָפן אין דעם יידישן פאָלק.

עס זענען געווען די סאָציאַלע און געזעלשאַפטלעכע כוחות, וואָס האָבן געטריבן און געשטויסן מענדעלע מו״ס צו אַ נייער דערמוטנדיקער שאַפערי־שער אַרבעט נאָך עטלעכע יאָר געפינען זיך אין אַ שווערן געמיט־צושטאַנד; עס זענען געווען די כוחות, וואָס האָבן געגעבן דעם אימפּעט שלום־עליכמען צו אָרגאַניזירן אַלע באַקאַנטע שרייבער,—אויך די העברעאיסטישע, יידיש־פיינטלעכע, און די רוסיש־יידישע פאַר זיינע זאַמלביכער „די יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק", און אַזוי אויך מרדכי ספּעקטאָרן אַרויסצוגעבן דעם „הויז

פריינד״, ווי אויך אויפגעטרייסלט דעם זאַמאָשטשער אַדוואָקאַט לעאָן פּרץ, וואָס איז געשטאַנען ווייט פון דער יידישער ליטעראַרישער וועלט, אָנצוהויבן שרייבן יידיש און נאָך און נאָך.

נאָך עטלעכע צענדליק יאָר זעט אַפילו דער היסטאָריקער ש. דובנאָוו די באַציאונג צו דער יידישער שפּראַך אין אַ מילדערן אויסזען. ער שרייבט אין זיין ערשטן אַרטיקל אין בוך „פון זשאַרגאָן צו יידיש״ וועגן יענער צייט:

„....מיר האָבן אַלע, יונגע און אַלטע, געקוקט אין יענער צייט אויף זשאַרגאָן אין ליטעראַטור פון אויבן אַראָפּ, דאָס הייסט: מיר, געבילדעטע, שאַפן פאַר זיך אַ ליטעראַטור אין דער לאַנדשפּראַך, אין רוסיש, וואָס מוז ווערן די שפּראַך פון אונזער צוקונפט און טיילווייז אויך אין העברעאיש — די שפּראַך פון אונזער פאַרגאַנגענהייט; אָבער די אָרעמע אומגעבילדעטע מאַסן, נעבעך, מוזן דאָך האָבן אַ מיטל צו בילדן זיך און אויפהויבן זיך צו אונזער מדרגה — דאַרף מען פאַר זיי שאַפן אַ דערווייליקע ליטעראַטור אויף זייער שפּראַך, אויף זשאַרגאָן, ביז וואַנען זיי וועלן זוכה זיין צו ריידן און לייענען רוסיש״.

דאָס אָרט און די ראָלע פון דער יידישער שפּראַך, וואָס איז מיטאַמאָל אַרויסגעשוואומען אין דער דעמאָלסדיקער יידישער עפנטלעכקייט, די פּרעטענזיעס, וואָס די יידישע ליטעראַטור האָט אָנגעהויבן אַרויסצושטעלן דעמאָלסט, איז געווען אַזוי אומגעריכט, אַז עס האָט געטראָפן פריינד און פיינט אין פאַרלעגנהייט, אין אַ צעמישונג. מען האָט לכתחילה זיך גאָרנישט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג וואָס אַזוינס עס איז געשען מיט אָט דעם „אָרעמען פאַריאָגטן און דורכאויס געפלאגטן זשאַרגאָן״ — די באַצייכענונג פון שלום־עליכם אין זיינעם אַ בריוו צו מענדעלע מו״ס אין יאָר 1884 („שלום־עליכם בוך״, ז׳ 191).

עס זענען פאַר אונז זייער סימפּטאָמאַטיש די עטלעכע שורות, וואָס דער באַוווּסטער העברעאישער דיכטער און באַטייליקטער אין דער דאַמאָלסדיקער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, ד״ר יצחק קאַמינער, שרייבט אין זיין באַגריסונג צו שלום־עליכם צום דערשיינען פון „די יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק״ (1888): „איך האָב דערזען ביי אייך ניט נאָר אַלע בעסטע זשאַרגאָניסטן, נאָר אויך פיל העברעער, פון אונזערע בעסטע יידישע שרייבער אין דעם הייליקן לשון; אויך האָב איך געפונען דאָרט אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אויסגעפיינט מיט זייערע יידישע ווערקע אין דער רוסישער שפּראַכע — הכלל זיי זענען אַלע דאָ, אַלע יידישע כחות, די שענסטע פאַרטרעטער פון אונזער ליטעראַטור און אַלע ריידן זיי מיט איין לשון, מיט דעם לשון, וואָס דאָס גאַנצע פאָלק רעדט״.

אַז אָט די ווערטער האָבן זיך נישט אַריינגעפּאַסט אין דער אַלגעמיינער

באַציאונג און שטעלונג צו יידיש, איז גענוג צו ברענגען עטלעכע שורות פון אַרטיקל „צו דער געשיכטע פון דער זשאַרגאָן־ליטעראַטור", וואָס עס האָט פאַרעפנטלעכט א. שולמאַן, דער פאָרשער און היסטאָריקער פון דער יידישער ליטעראַטור אין דער זעלבער „יודישער פאָלקס־ביבליאָטעק" (ב' 2, ז' 122):
„דער זשאַרגאָן איז אין אין אונזערע אויגן נאָר אַ מיטל דאָס פאָלק צו בילדן אָבער ניט קיין צוועק פאַר זיך אַליין... מען קאָן האָפן, ווען די גליקלעכע צייט וועט קומען, אַז מען וועט שוין דעם זשאַרגאָן מיט אַן אמת מער ניט באַדאַרפן, וועלן מיר אונז געוויס אַלע פרייען מיטן גאַנצן האַרצן. דאָס איז אָבער נאָך זייער, זייער לאַנג צו וואַרטן, און ווער ווייסט, ווער פון אונז וועט עס נאָך אַמאָל דערלעבן? דערווייל אָבער איז דער זשאַרגאָן פאַרן פאָלק נאָך גאַנץ נויטיק".

דאָס דערשיינען פון דעם „הויז פריינד" (אונטער דער רעדאַקציע פון מרדכי ספעקטאָר) אין וואַרשע און בעיקר שלום עליכמס „די יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק", — די דערמונטערונג און געוואַגטקייט, וואָס זיי האָבן אין זיך פאַרמאָגט, האָבן אַרויסגערופן אין דער דעמאָלסדיקער יידישער וועלט אַ געוואַלדיקע פאַראינטערעסירונג. פון איין זייט האָט עס סטימולירט די פריינד פון יידיש פאַר ווייטערדיקער אַרבעט און פון דער צווייטער זייט האָט עס אַרויסגערופן די „בייזע גייסטער", „די פלעדערמייז" פון זייערע באַהעלטענישן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ טומל, אַ רעש קעגן די אַרויס־געבער און קעגן די יידיש־פאַרטיידיקער.

דער יונגער דאַן י. ח. ראַווניצקי (געשריבן ביי שלום־עליכמען קריטישע אַרטיקלען איבער די ניי־דערשיינענע ווערק אונטערן נאָמען „רבי קצין") הויבט אָן אַזוי זיין אַרטיקל „די ניי־זשאַרגאָנישע ליטעראַטור" אינם ערשטן באַנד „די יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק": „די זשאַרגאָנישע ליטעראַטור האָט די לעצטע צייט אָנגעהויבן אַביסל אויפצולעבן און מען דערקענט אין אירע איברים עפּעס אַן אַנדער חיות; די אַמאָליקע אייגענע אויסגעשמירטע וויקע־לעך האָט זי פון זיך אַראָפּגעשליידערט און צוביסלעכווייז הויבט זי אויך אָן אויסצוטאָן די אַלטע קינדערשע שיכלעך. הכלל, זי האָט חשק נישט אויף געלעכטער צו שטעלן זיך רעכט אויף די אייגענע פיס און בליען און וואַקסן ווי יעדע ליטעראַטור, וואָס האָט די ווערט צו טראָגן דעם נאָמען. היינט קאָנען אפילו אירע בלוט־שונאים זיך נישט דערוואָגן אויפצועפענען אַ מויל, אַז מען קאָן זי גלאַט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. דער בעסטער סימן צו גוטן איז, אַז עס האָבן זיך גענומען שרייבן זשאַרגאָן אויסגעצייכנטע העברע־אישע און רוסישע שרייבער, וואָס קיינעם איז נישט איינגעפאַלן אַפילו אין חלום, אַז די דאָזיקע וועלן אַמאָל איינטונקען זייער פעדער און שרייבן פּראָסט

יידיש לשון. דעם גרעסטן טייל אין דעם נייעם פרישן לעבן פון דער זשאַר־גאָנישער ליטעראַטור האָבן די סבאַרניקעס (זאַמלונגען), וועלכע האָבן אָנ־געהויבן צו ערשיינען אין דער לעצטער צייט; זיי, כמעט אינגאַנצן ז י י, האָט מען צו פאַרדאַנקען דעם לעבעדיקן אויפריר, וואָס ס'איז געוואָרן". („די יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק", 1888, ב' 1, ז' 299).

די אָפּטימיסטישע רייד וועגן דעם, אַז „אַפילו בלוט־שונאים וועלן זיך נישט דערוואגן צו עפענען אַ מויל", זענען געווען אַ שיין ביסל איבערגעטריבן. אדרבא, עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער אָנגריף, אַ געיעג קעגן דער יידי־שער שפּראַך און ליטעראַטור. און דאָס באַשטעטיקט דער זעלבער רבי קצין (י. ח. ראַווניצקי) אין צווייטן באַנד „די יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק" (1889). אין דער הקדמה צו זיין אַרטיקל „נייע ביכער", שטעלט ער זיך באַזונדערס אָפּ אויף די אָנפאַלן אויף די יידיש־שרייבער און ער זאָגט: „אין דער צייט, וואָס איר (די יידיש־לייענער — נ. מ.) האָט געמאַכט „ברכות" און נישט אויפגעהערט צו בענטשן די יידישע שרייבער, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צו אייך און דערלאַנגט אייך אויך צו געניסן פון דער טייערער מתנה, וואָס גאָט האָט זיי געבענטשט, — אין דער זעלבער צייט האָבן זיך אויסגעריסן שרייבער אין די העברעאישע גאַזעטן און זענען אַרויס מיט קולות און גוואַלדן, אָנגעפאַלן מיט זלזולים, כמעט אויסגעגאָסן די תוכחה אויף די אייגענע שרייבער, וועלכע איר בענטשט פון טיפן האַרצן... סטייטש, אַזאַ רציחה אין דער וועלט, זיידענע שרייבער מיט איידעלע הענט זאָלן זיך גאָר אָפּגעבן מיטן פּראָסטן גראָבן עולם און שרייבן אינם מיאוסן שמוציקן זשאַרגאָן! לאָז די וועלט הערן אונזער „הזהרה", קיינער זאָל חלילה נישט דערוועגן ווייטער אויפהויבן אַ האַנט צו שרייבן אין דעם פאַרפלוכטן זשאַרגאָן, ימח שמו וזכרו!" (ז' 272).

עס איז אינטערעסאַנט אַ בריוו פון דעם באַוואוסטן העברעאישן דיכטער יהודה לייב גאָרדאָן צו שלום־עליכמען וועגן דער יידישער שפּראַך. שלום עליכם איז געווען אַ שטאַרקער אָנהענגער פון י. ל. גאָרדאָן דעם משורר און ער האָט זיך צו אים געווענדט ווי צו אַ לערער, ער זאָל אים געבן אַן עצה ביים אַרויסגעבן די „יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק". און הגם י. ל. גאָרדאָן האָט מיט צוויי יאָר פריער אַרויסגעגעבן דאָס יידישע לידער־ביכל „שיחת חולין" און אויך זיך באַטייליקט מיט אַ ליד „אַ ברכה" אין דער „יודישער פאָלקס־ביבליאָטעק", אָבער דאָס שאַדט נישט צו שרייבן שלום־עליכמען אַזאַ בריוו (דער בריוו איז געשריבן אין רוסיש — זע „שלום עליכם בוך", ז' 183): „איר פרעגט מיין מיינונג וועגן דעם זשאַרגאָן? אויב איר זאָגט מיר צו אָפּצוטיילן די זאַך פון דער פּערזענלעכקייט און די זשאַרגאָן־ליטע־ראַטור פון אירע שריפטשטעלער, וועל איך אייך אָפן זאָגן, אַז איך האָב

תמיד גערעכנט דעם קיום פון דעם דאָזיקן דיאַלעקט אינם מויל פון אונזער פאָלק פאַר דער סאַמע טרויעריקע דערשיינונג אין זיין היסטאָרישן לעבן. דאָס איז דער שאַנד־צייכן פון דעם געטריבענעם נע־ ונדניק, און איך האָב עס גערעכנט פאַר אַ חוב פון יעדן געבילדעטן יידן צו באַמיען זיך, אַז ער זאָל ביסלעכווייז אָפּגעווישט ווערן און פאַרשווינדן פון אונז. אים קאָן מען דולדן, ווי אַ נויטווענדיק שלעכטס, מיט אים מעג מען זיך באַנוצן ווי מיט אַ מיטל דורכצופירן די בעסטע אידעען אין אונזער פינסטערער מאַסע, נאָר בשום אופן נישט באַמיען זיך וועגן זיין באַפעס־ טיקונג און זיין אויפבליאונג. דעם אמת געזאָגט, וואונדער איך מיך אויף אייך; איר שרייבט גוט אויף רוסיש און באַהערשט פּראַכטפול אונזער ליטעראַרישע שפּראַך (העברעאיש), — ווי אַזוי זשע קאָנט איר זיך אָפּגעבן צו דער קולטור פון דעם זשאַרגאָן? איר פאַרמאָגט אָן צווייפל אַ פּראַכטפולן שריפטשטעלערישן טאַלענט, אונזערע פינסטערע ברידער, דאָס ווייס איך, קוויקן זיך מיט אייערע ווערק, און איר האָט דאָס רעכט צו שרייבן אויף דעם דיאַלעקט וויפיל אייער האַרץ גלוסט, נאָר עס וואָלט געווען אַ זינד, ווען איר זאָלט נעמען דערציען אייערע קינדער אויף דער דאָזיקער שפּראַך. דאָס וואָלט געווען אַלץ איינס, ווי אַז איר זאָלט זיי צווינגען זיך דורכשפּאַ־ צירן איבער אונזער נעווסקי פּראָספּעקט (די הויפּט־גאַס אין פּעטערבורג — נ. מ.) אין לייבסערדאַקעס און מיט אַרויסגעשטעקטע שטיוול”.

ביז גאָר וויכטיק איז די געענדערטע מיינונג וועגן יידיש און דער יידי־ שער ליטעראַטור פון שמעון דובנאָוו, וואָס איז געווען דאַן דער מאָסגעבנ־ דיקער אויטאָריטעט אין דער רוסיש־יידישער פּרעסע, אין דעם „וואָסכאָד”. עס זענען אַוועק נישט מער ווי צוויי יאָר, און אָט וואָס דער זעלבער קריטי־ קוס־דובנאָוו שרייבט אין דעמזעלבן „וואָסכאָד” (1888, 10): „אין אונזער ליטעראַטור — זאָגט ער — באַמערקט זיך זינט אַ קורצע צייט איינע זייער אַ מערקווירדיקע דערשיינונג. אָט די דערשיינונג קאָן מען בשום אופן נישט האַלטן פאַר אַ גיך־דורכגייענדיקע, עפעמערנישע; אדרבא, אורטיילנדיק לויט די אַלע סימנים, קאָנען מיר מיט זיכערקייט זאָגן, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ נייע גייסטיקע באַוועגונג, וואָס איז אָנגעפּיקעוועט מיט גאַנץ וויכטיקע פאָלגן פאַר דער נאָענטער צוקונפט און וואָס קאָן אַרויסרופן אויף דער לי־ טעראַרישער אַרענע פיל נייע כחות צו פאַרגרעסערן די לייענער־מאַסע מיט אַ נייעם פילצאָליקן קאָנטינגענט”.

„מיר ריידן איצט — שרייבט ווייטער קריטיקוס־דובנאָוו — וועגן דער פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג פון דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור, וועגן דער באַשטרעבונג פון דער פאָלקס־שפּראַך פון די יידישע פאָלקס־מאַסן — דעם

אַזוי גערופענעם זשאַרגאָן — צו ווערן אַ ליטעראַרישע שפּראַך און צו באַ־שאַפן איר אייגענע ליטעראַטור, וואָס איז מער צוגעפּאַסט צו די גייסטיקע באַדערפעניש פונם המון, ווי די שוין עקזיסטירנדיקע ליטעראַטורן אויף העברעאיש און רוסישע שפּראַכן. אָט די באַשטרעבונג האָט זיך אַרויס־באַוויזן מיט אַ באַזונדערער קראַפט אין די סאַמע לעצטע יאָרן. פאַר אונ־זערע אויגן קומט פאַר אַ דערפרייענדיקער איבערגאַנג אינם זשאַרגאָן, — פון לייכטע „לובאָק"־ווערק, מיט וועלכע ס'האָט זיך באַין ברירה געשפּייזט דער המון, צו ערנסטע ווערק, וואָס וועקן דעם געדאַנק, וואָס ברענגען אַריין אַ פּרוכטבאַרן דערפרישנדיקן שטראָם אין דעם פאָלקס־אינטעלעקט. מיר זעען אין דער יונגער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור פּילצוזאַגנדיקע אָנהויבן פון אַ שטייגער־בעלעטריסטיק. מיר זעען טאַלאַנטפולע שרייבער, וואָס טרעטן אַרויס מונטער, מיר באַמערקן דעם אויפקום פון אַ פּעריאָדישער פּרעסע, וואָס באַפרידיקט די אינטערעסן פון אַ געוויסן טייל פון לייענער־דיקן עולם, בקיצור, מיר זענען עדות פון אַ נייער אָרגאַניזירונג פון אַ פאָלקס־ליטעראַטור, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט פאַרשיידנאַרטיקע שטרעבונגען און וואָס פאַרשטייט גוט די אויפגאַבן און פאָדערונגען פון דער הייַנטיקער צייט".

און קריטיקוס־דובנאָוו פרעגט זיך אַליין: „איז נאָרמאַל אָט די דערשיי־נונג? זענען געזעצלעך אָט די באַשטרעבונגען? מיר ווען שטעלן די פראַגע פּינקטלעכער: דאַרף מען רעכענען אָט די דערשיינונג פאַר אַ נאַטירלעכע, וואָס איז אַרויסגערופן מיט דעם אַנטוויקלונגס־גאַנג פון דער רוסיש־יידישער מאַסע, מיט אירע אַלגעמיינע באַדערפענישן, אָדער עס שטאַמט פון אַ צופעליקן צונויפטרעף פון אומשטענדן, אַ קאַפּריז פון אונזער קרענקלעכער עפּאָכע?" און געשטעלט אָט די פראַגן, פּרואווט קריטיקוס־דובנאָוו ערנסט און אויסשעפּנדיק צו געבן אַן ענטפער אויף זיי. ער שטעלט זיך אָפּ אויף די געזעלשאַפטלעך־קולטורעלע שטרעמונגען אין יידישן לעבן, אויף די ליטעראַטורן, וואָס זענען געשאַפן דורך דעם יידישן פאָלק אין העברעאיש און רוסיש. לסוף גייט ער איבער צו די שאַפונגען אין דער יידישער שפּראַך. ער באַהאַנדלט די פאַרשיידענע פאָרמען פונם פאָלקס־שאַפן אין יידיש און ער זאָגט: „די ערשטע ערנסטע ביכלעך אויף זשאַרגאָן זענען אויפגענומען געוואָרן דורך דעם רוב אויפגעקלערטע מענטשן מיט אומצוטרוי און אַפילו פייַנטלעך".

קריטיקוס־דובנאָוו קומט דערנאָך צו אַ וויכטיקן געדאַנק, וואָס האָט געוויס אויסגעזען אין יענער צייט גאָר ביי: „ווייל משפט נאָר אפריאָרי: אַ ראָמאַניסט, אַ דערציילער, וואָס באַשרייבט דאָס יידישע פשוט־המונישע שטייגער־לעבן אויף רוסיש אָדער העברעאיש, איז געצוואונגען איבערצוזעצן

די שמועסן און געדאַנקען פון די פּערזאָנען, וואָס פיגורירן אין ווערק פון זשאַרגאָן אויף דער שפּראַך, וואָס ער שרייבט. ווייל אָט די העלדן ריידן און דענקען אין זשאַרגאָן. דער זשאַרגאָנישער שרייבער אָבער דאַרף נישט אָנקומען צו אַזעלכע אומפינקטלעכע און ניט־געניטע באַשרייבונגען. ער קאָן איבערגעבן די רייד פון די טיפן ווי עס איז אין דער ווירקלעכקייט. הייסט עס, אַז ביי שילדערונגען פון יידישן לעבן איז זשאַרגאָן אפילו מער־צוגע־פּאַסטער ווי די רוסישע און העברעאישע שפּראַכן".

די אויטאָריטעטע מיינונג פון קריטיקוס, און דערצו נאָך אין דעם רו־סיש־יידישן זשורנאַל „וואָסכאָד", האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג און געהויבן די מערכה און די חשיבות פון דער יידישער שפּראַך מיט דער יידי־שער ליטעראַטור. דאָס האָט אויך צוגעגעבן מוט די יידישע שרייבער. מיר זעען עס באַשייַנפּערלעך אין די בריוו פון שלום־עליכם צו ש. דובנאָוו פון יענע יאָרן, 1888—1889. דער באַקאַנטער יידישער דיכטער (דאָן בעיקר געשריבן רוסיש) ש. פרוג, האָט אין אַ בייסיקן פעליעטאָן אונטערן נאָמען „צופעליקער פעליעטאָניסט" אין דעם „וואָסכאָד" אָפּגעחוזקט פון יידיש און אָנגערופן די שפּראַך „ציטוויייליק און אומפאַרמיידלעך שלעכטס". גלייכצייטיק האָט ער אויך אָנגעגריפן שלום־עליכמען, דעם דעמאָלדיקן אַפּאָסטאָל פון יידיש. שלום־עליכם האָט אָנגעשריבן אַ בריוו אין דער רע־דאַקציע, און אַ דאַנק דער באַמיאונג פון ש. דובנאָוו, איז דער בריוו פאַר־עפנטלעכט געוואָרן. שלום־עליכם איז געווען ביז גאָר דאַנקבאַר ש. דובנאָוון פאַר אָט דער טובה און אין זיין בריוו (סעפּטעמבער, 1888) שרייבט שלום־עליכם צווישן אַנדערן: „איך ווייס נישט, מיט וואָס איך קאָן אייך דינען פאַר דער גרויסער טובה, וואָס איר האָט מיר געטאָן. איך בין פולשטענדיק זיכער, אַז אָן אייער מיטווירקונג וואָלט דער בריוו נישט געדרוקט געוואָרן... — — — איך האָב בלויז געוואָלט פאַר די לעזער פון „וואָסכאָד", וואָס ס'רוב פון זיי קוקן אויף זשאַרגאָן מיט די אויגן פונם „צופעליקן פעליעטאָ־ניסט", אַוועקשטעלן מיין געליבטן יידיש אין אַ שענערן ליכט, אַזוי ווי ער (דער יידיש־לשון) פאַרדינט, מיט וואָס איר, ווי איך זע, זייט אויך מסכים. צום באַדויערן, טיילן נישט קיין סך אונזער מיינונג. אַנדערע קוקן באמת אויף אונז ווי אויף קליינע מענטשעלעך, פינפּערלעך; אַנדערע הויבן מיט די אַקסלען פון פאַרוואונדערונג, אנדערע, ווידער, וואָס קוקן אויף דער ג י י ע ר ליטעראַטור דורך די געלע אויגן פון שנאה, ווערן פאַרברענט פון כעס. אין אָט אַזעלכע באַדינגונגען קומט אונז אויס צו אַרבעטן... דאַרף איך אייך דעריבער דאַנקען פאַר אייער מיטהילף".

ניט גאָר קיין געהויבענע מיינונג וועגן דער יידישער שפּראַך און דער דאַמאָלסטדיקער יידישער ליטעראַטור האָבן געהאַט אויך יידישע שרייבער,

וואָס האָבן געשריבן דורכאויס אין יידיש. ש. דובנאָוו גיט איבער אייניקע אויסצוגן פון יעקב דינעזאָנס בריוו צו אים פון די יאָרן 1889—1890. אין אַ העברעאישן בריוו פון אַפּריל 1889 שרייבט אים יעקב דינעזאָן: „אָרעם און קליין איז אונזער זשאַרגאָנישע ליטעראַטור...” אין אַ צווייטן בריוו (אַפּריל 1890) אַנטוויקלט דינעזאָן דעם געדאַנק, אַז מען דאַרף „די זשאַרגאָנישע ליטעראַטור צופּאַסן נאָר צו די נידעריקע פאָלקס־שיכטן און ניט אויפהויבן זי צום ראַנג פון אַ פולשטענדיקער און מאָדערנער ליטעראַטור...” און אָט וואָס יעקב דינעזאָן זאָגט וועגן דער יידישער שפּראַך: „אונזער אומגאַנגס־שפּראַך, זי האָט קיין תכלית און קיין האָפענונג נישט; זי קאָן נאָר דינען אַלס אַ בילדונגס־מיטל פאַר יענע מאַסן, וואָס פאַרשטייען ניט קיין אַנדערע שפּראַך... איך בין איבערצייגט, אַז ניט לאַנג וועט דויערן דער וואוקס פון דערדאָזיקער פאַרדאָרבנעער שפּראַך”. (זע ש. דובנאָוו — „פון זשאַרגאָן צו יידיש”, ז' 29).

וואָס דאַרף מען מער? אַליין דער „רעדאַקטאָר”־אַרויסגעבער פון „יודי־שעס פאָלקסבלאַט” ישראל לעווי, וואָס האָט אַ צייט אַרויסגעגעבן דעם איינציקן שריפט אין יידיש, האָט געשריבן פאָלגנדיקס אין זיין צייטשריפט וועגן דער יידישער שפּראַך: „מיר האָבן שוין נישט איין מאָל אָפן אַרויס־געזאָגט, אַז דער זשאַרגאָן — דאָס איז אַ נגע צרעת, וואָס פאַרלויפיק מוז מען ליידן פון אים... מיר האָבן געהערט פון גאַנץ קלוגע, און אפילו אמתע פּאַטריאָטן, וועלכע מיינען, אַז דער זשאַרגאָן דאַרף אונז שוין הייליק זיין, וויל מיר נוצן שוין אים זייער לאַנג און מיר זענען מיט אים דורכגעגאַנגען אַ גאַנצע שול פון צרות; נאָר דאָס איז ניט ריכטיק: שמוץ בלייבט שמוץ אפילו, אַז עס איז געבאָרן אין אַ מקום קדוש און עס קען קיינמאָל נישט הייליק ווערן... מיר קענען נאָר פון דעם טיפסטן הארצן אָפן מיט אַ ריינעם ערנסט ווינטשן, אַז גאָר בקרוב הימים זאָלן מיר מער קיין אַבאָנענטן נישט האָבן, ווייל זיי וועלן שוין קענען לייענען עטוואָס בעסערס. נאָר די עצה, רעכענען מיר, בין איך מחויב אייך, ליבע לעזערס, צו געבן: היט אייך אַליין פון די אַלע שמוץ, דען שמוץ מוז זיך אָנקלעפּן, ווי מען רייבט זיך נאָר אַרום אים; נאָר פון אייך אַליין איז אָפּהענגלעך, אַז דער שמוץ זאָל נישט אַריינקומען אין אייערע צימערן און אַנדערע קענען דאָ אייך ניט העלפן... דאַכט זיך, איך האָב נישט איין מאָל געזאָגט בפרהסיא, אַז איך האָב פיינט דעם זשאַרגאָן אַ סך ערגער אַלס אַ שפּין, אַז איך וואָלט דאַנקען גאָט, אַז מיין אָרגאַן זאָל אונטערגיין, ווייל קיינער וועט אים שוין נישט דאַרפן לעזן”.

אַזוי האָט מיט אַ 50 יאָר צוריק געשריבן אַליין דער „רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער” פון אַ יידישער צייטשריפט.

די יאָרן 1888—1890 זענען אויך ביז גאָר וויכטיקע דאַטעס פאַר דער

יידישער ליטעראַטור דערמיט, וואָס אין אָט די יאָרן האָט זיך פֿונסניי צע־
בליט שלום יעקב אַבראַמאָוויטש און מיט אַ נייעס פֿאַרמעסט זיך ווידער
גענומען מייסטערוועון זיינע ווערק; אין אָט די פּאָר יאָר איז שלום עליכם
אַרויסגעוואָקסן פֿון סתם אַ שרייבער, וועלכער פֿאַרשיט פּרעמדע רעדאַקציעס
מיט זיינע פֿאַרשיידענע, נאָך ניט איינגאַנצן צייטיקע ווערק, וואַרפֿט זיך אָן
ביי דעם „משוגענעם" רעדאַקטאָר לעווי, וואָס איז אַ שונא־יידיש און אַ ניט־
פֿאַרגינער שלום־עליכמען, — אין אַ גרויסן יידישן פֿאָלקס־שרייבער מיט גאָר
ניט געדאַכטע מאָסן און פּערספּעקטיוון, ער הויבט אָן אַרויסגעבן זאַמל־
ביכער „די יודישע פֿאָלקס־ביבליאָטעק" מיט אַ פֿאַרנעם, וואָס איז נאָך נישט
געווען ביי יידן און מאַכט ממש אַ רעוואָלוציע אין דער יידישער ליטעראַ־
רישער וועלט; אין 1888 קומט פֿאָר אין זאַמאָשץ ביי לובלין אַ וואונדער־
באַרע איבערוואַנדלונג פֿון אַ פּראָווינציעלן פּריוואַט אַדוואָקאַט אין אַ גרויסן
יידישן דיכטער און שרייבער, — פֿון לעאָן פּרץ — יצחק לייבוש פּרץ. אין
1888 פֿאַרעפֿנטלעכט ער ביי שלום עליכמען זיין באַלאַדע „מאָניש", — זיין
ערשט געדרוקט ווערק אין יידיש, און זינט דאַן טרעט ער אַריין אין דער
יידישער ליטעראַטור צו פֿאַרנעמען אַרום מענדעלע און שלום עליכם דעם
אָנגעזעענסטן אָרט.

אָט די דריי גרויסע קינסטלער, אָט די וויכטיקע צענטראַלע נעמען
אין דער יידישער ליטעראַטור פֿאַרבינדן און פֿאַרקניפּן זיך אין אָט דער צייט
פֿאַר ווייטערדיקע גרויסע פֿאַרמעסטן אין דער וואַקסנדיקער יידישער לי־
טעראַטור, וואָס איז דאַן, אין אָט די עטלעכע יאָר, אַרויס פֿון איר ווינקל, פֿון
דער ספּעציעלער געטאָ, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן פֿאַר איר אין דער יידי־
שער וועלט, אויף אַ ברייטן וועג, אויף דעם דרך המלך פֿון דעם יידישן שאַפֿן.

עס איז דאַן פֿאָרגעקומען ניט נאָר אַן ענדערונג, אַן איבערבראָך אין דער
באַציאונג צו דעם געררודפֿטן, פֿיל־געפּלאָגטן יידיש־לשון, נאָר עס איז אויך
פֿאָרגעקומען אַ טיפֿע ענדערונג, אַ וויכטיקער איבערבראָך אין דער יידישער
ליטעראַטור און אין דער יידישער שפּראַך.

ש. י. אַבראַמאָוויטש האָט אין אָט דער צייט זיך פֿאַרמאָסטן אויף זיין
„ווינטשפֿינגערל", און ער שרייבט דאַן (14טן מאַי 1888) צו זיין פֿריינד
י. ל. בינשטאָק: „...איצט שרייב איך אַ נייע זאַך „דאָס ווינטשפֿינגערל",
ס'וועט דאכט זיך אין איינציקע הינזיכטן, זיין דאָס גרעאָטנסטע פֿון אַלע
מיינע ווערק". אין אַ צווייטן בריוו (21טן יוני 1888) שרייבט ווידער מענ־
דעלע צו י. ל. בינשטאָק: „איך האָב די לעצטע צייט געאַרבעט ווי אַן אָקס,
און כ'האָב זייער פֿיל געשריבן. איך בין איצט אין גאַנצן אַוועק אין דער
וועלט פֿון פּאָעזיע, דאָרטן איז מיין טרייסט, דאָרטן רו איך אָפּ פֿון די לעבנס־

זאָרגן. די מוזע איז צו מיר וואויל געגויגט און איך שרייב און שרייב מיט אַ ברען, ווי אין די יונגע יאָרן".

ביי מענדעלען האָט זיך אָנגעהויבן מערקן דער נייער צופלוס פון שאַפער־רישע כוחות מיט אַ פּאָר יאָר פריער, אַרום 1884. עס איז געווען נאָך דעם, ווי עטלעכע יאָר, פון 1878 ביז 1884, „האָבן די צרות אין דער לעצטער צייט פאַרשטיינערט אים דאָס האַרץ, אַזוי אַז די צונג האָט זיך אים ניט גע־לייגט צו ריידן און די האַנט צו שרייבן אַ וואָרט". (ווידמונג אין דעם בוך „דער פּריזיוו", וואו ער שילדערט דעם געמיט־צושטאַנד, וואָס האָט אים באַהערשט די לעצטע יאָרן). מענדעלע שרייבט: „עס האָט אין מיר זיך געעפנט אַ פרישער קוואַל הייסע געפילן און מיך אַ ברען געטאָן אויסצוגיסן זיי אין ווערטער פריי פאַר דער גאַנצער וועלט. דאָס איז יענער ברען, וואָס וועקט אין וועסנע אויף דאָס באַטריבטע און פאַרוואָגלטע זומער־פויגעלע, ערגעץ אין דער פרעמד, צוריקצוקערן זיך ווידער אַהיים צו זיין נעסט און צו זיין פריערדיק שטייגער לעבן..."

וואָס שלום עליכמס זאַמלביכער האָבן באַדייט דאַן, אין יענער צייט, האָבן מיר שוין באַוויזן פריער. עס איז וויכטיק אונטערצושטרייכן, אַז ניט נאָר, וואָס שלום עליכם האָט סטימולירט אַנדערע, צוגעצויגן פאַרשיידענע עלטערע שרייבער, „פאַריידישט" פאַרפרעמדטע יידישע שרייבער. גלייכצייטיק האָט שלום עליכם גופא זיך פאַרנומען אויף נייע וועגן, דערפילט אין זיך זיין אייגענע שרייבערישע גבורה און זיך אויך „זעלבסטבאַשטימט". י. ד. בערקאָוויטש, דער ביאָגראַף און דער קענער פון שלום־עליכם, זאָגט אין זיין אַרטיקל „ביים וואַרשטאַט" (אינם „שלום־עליכם בוך" ז' 318): „דער ברייטער שעפערישער וועג פון שלום עליכם הויבט זיך אָן מיט דער דער־שיינונג פון זיין „פאָלקס־ביבליאָטעק", אין וועלכער ער איז אַרויסגעקומען מיט זיינע ערשטע צוויי צייטיקע קינסטלעריש־געלייטערטע ווערק „סטעמ־פעניו" און „יאָסעלע סאָלאָווײ". וואָס ער האָט געשאַפן אויף דעם דאַ־זיקן אָפענעם וועג — איז גענוג באַקאַנט צו יעדן אייגעם פון זיינע לעזער".

באַזונדערס דאַרף מען באַצייכענען, אַז דאָס יאָר 1888 איז געווען פאַר פּרצן גאָר אַ וויכטיקס. אין אָט דעם יאָר איז פאָרגעקומען דער קער פון פּרצן צו דעם יידישן שאַפן, וואָס האָט אַדאַנק פּרצן אין די קומענדיקע יאָרן באַקומען גאָר אַן אַנדער אויסזען און כאַראַקטער. מיר דאַרפן געדענקען, אַז אין 1888 איז שוין פּרץ אַלט געווען אַ 37—38 יאָר (מיט אַ צען יאָר עלטער פון שלום־עליכמען !). ער איז שוין געווען גענוג באַקאַנט אין דער העברעאישער ליטעראַטור דורך זיינע העברעאישע לידער, דערציילונגען, וואָס ער האָט פון צייט צו צייט דאָ און דאָרטן געדרוקט. אין יידישן אָבער האָט ער נאָך גאָר ניט געהאַט פאַרעפנטלעכט. אין אַ בריוו צו ש"ע (17טן

מאַי 1889) זאָגט פּרץ: „איך קוק ניט אויפן „זשאַרגאָן" ווי אויף אַ כּלי שני, נישט ווי אויף אַ פאַרמיטלונג, וואָס גייט אַריבער. איך וויל, עס זאָל ווערן אַ שפּראַך, און דעריבער דאַרפן מיר פאַרברייטערן און פאַרמערן אירע אוצרות און צוגעבן יעדע רגע אַלץ־נייע אויסדרוקן, אַז דער שרייבער זאָל ניט זאָגן, מיר איז ענג דאָס אָרט"...

פּרץ, נאָך איידער ער האָט אָפּגעדרוקט זיין ערשט ווערק, האָט ער שוין געהאַט גאַר גרויסע פאָדערונגען און אויסבליקן פאַר דער יידישער ליטע־ראַטור. עס זענען אים ענג די ראַמען, וואָס מען שטעלט אַרום דעם יידישן שאַפן. ער פאַרלאַנגט פונאַנדערצעוואַרפן די מחיצות, ער פאָדערט צו ענדערן די פאַרמען און דעם אינהאַלט. „כּל זמן — שרייבט פּרץ אין אַ בריוו צו ש"ע יולי 1888 — אונזערע ברידער וועלן ניט קענען באמת זעטיקן זייערע נשמות מיט דער יידישער ליטעראַטור, כּל זמן זיי וועלן ניט געפינען אין דער ליטעראַטור דאָס אמתע וויסן, וועט די ליטעראַטור זיין ניט מער ווי אַן אומנוצלעך שפּילכל".

1888 איז אַ וויכטיקע דאַטע אין אונזער קולטור־געשיכטע. דאַן איז פאָרגעקומען דער איבערבראַך אין אונזער קולטור־וועלט, אין אונזער לי־טעראַטור.

ביז 1888 האָבן מיר געהאַט איינצלנע, אָפּגעזונדערטע שרייבער, וואָס האָבן געשריבן אַמאָל אויף זשאַרגאָן.

פון 1888 האָבן מיר באַקומען אַ יידישע ליטעראַטור מיט יידישע שרייבער.

1938.

# דורות און תקופות אין דער יידישער ליטעראַטור

## I

עס איז שוין ביי אונז אַזוי אָנגענומען איינצוטיילן די יידישע ליטע־
ראַטור אין  ד ו ר ו ת:

צום  ע ר ש ט ן  ד ו ר  געהערן — מענדעלע מוכר ספרים, י. י. לי־
נעצקי, שלום עליכם, י. ל. פרץ, און אויך יעקב דינעזאָן, מ. ספּעקטאָר,
ש. פרוג, דוד פרישמאַן, ש. אַנסקי, מ. י. בערדיטשעווסקי, און די אַמע־
ריקאַנער — מאָריס ווינטשעווסקי, מאָריס ראָזענפעלד, דוד עדעלשטאַט,
י. באָוושאָווער, יהואָש, א. ליעסין און אויך לעאָן קאָברין, דוד פּינסקי,
ז. ליבין א״אַ.

דער  צ ו ו י י ט ע ר  ד ו ר — אברהם רייזען, ה. ד. נאָמבערג,
שלום אַש, פּרץ הירשביין, ז. שניאור, ח. נ. ביאַליק, יונה ראָזענפעלד,
ליפּמאַן לעווין, י. ד. בערקאָוויטש, און די אַלע אַנדערע, וואָס זענען אויפ־
געקומען אַנהייב 20טן יאָרהונדערט און זיי זענען מיט זייערע ערשטע
ליטעראַרישע שריט פאַרבונדן מיטן „יוד״ און מיטן „פריינד״.

דער  ד ר י ט ע ר  ד ו ר — דוד איינהאָרן, א. ווייטער, ל. שאַפּירא,
דוד בערגעלסאָן, דער נסתר, אליעזר שטיינבאַרג, פּ. בימקא, ז. י. אַנכי,
צבי הירשקאַן, ב. לאַפּין, א. קאַגאַנאָווסקי, משה טייטש, דן קאַפּלאַנאָ־
וויטש און די גאַנצע גרופּע „יונגע״ אין אַמעריקע — י. אָפּאַטאָשו, דוד
איגנאַטאָוו, מ. י. חיימאָוויטש, א. ראָבאָי, מ. ל. האַלפּערן, משה נאַדיר,
מאַני לייב, זישא לאַנדוי, י. י. שוואַרץ, ה. לייוויק, ה. רויזענבלאַט, י.
ראַלניק, מנחם, י. סלאָנים און די איבעריקע פון די „שריפטן״ און זאַמל־
ביכער, וואָס האָבן אָנגעהייבן צו דערשיינען זינט 1912 און ווייטער.

דער  פ ע ר ט ע ר  ד ו ר — די מלחמה און רעוואָלוציע שרייבער —
י. י. זינגער, ז. סעגאַלאָוויטש, ב. עפּעלבוים, מ. אַלטמאַן, עזור וואַר־
שאַווסקי, א. מ. פוקס, ש. האַראָנטשיק, אברהם זאַק, ל. אַליצקי, מ. קול־
באַק, יהושע פּערלע, משה בראָדערזאָן, אהרן צייטלין, פּסח מאַרקוס,
ל. מילער, ב. גלאַזמאַן, א. לעיעלעס, ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, י. גלאַדשטיין,
ז. ווייַנפּער, אפרים אויערבאַך, ש. מילער, אהרן קורץ, משה שיפריס, א.

לוצקי, מלך ראַוויטש, א. צ. גרינבערג, א. קאַציזנע, ק. מאַלאַדאַווסקי, י. ראַבאָן, דוד האָפשטיין, אשר שוואַרצמאַן, ל. קוויטקאָ, פּרץ מאַרקיש, איזי כאַריק, ישראל שטערן, איציק פעפער, איציק קיפּניס, א. קושניראָוו, ע. פיניבערג, ד. טשאַרני, י. א. ראָנטש, אהרן ראַפּאָפּאָרט און נאָך אין אַמע־ריקע, ראַטנפאַרבאַנד און פוילן.

דער פ י נ פ ט ע ר ד ו ר — אויפגעקומען די לעצטע צען־צוועלף יאָר — רחל ה. קאָרן, יעקב שטערנבערג, איציק מאַנגער, אסתר שומיאַ־טשער, מלכה לי, מ. בורשטיין, חיים גראַדע, מעינקע קאַץ, מ. א. סול, מאַרטין בירנבוים, ש. אפּטער, ל. ראַשקין, י. פּאַפּערניקאָוו, י. אשענ־דאָרף, ב. שנאַפּער, ק. ליס, ב. העלער, ב. וויינשטיין, ל. טרייסטער, ב. דעמ־בלין, ח. סעמיאַטיצקי, רייזל זשיכלינסקי, א. סוצקעווער, לייזער וואָלף, א. וואָגלער, י. רובינשטיין און די אַלע, אַלע יונגע שרייבער, דיכטער און פּראָזאַאיקער, וואָס מיר פאַרמאָגן איצט אין גאָר דער וועלט.

די רשימה איז, פאַרשטייט זיך, ווייט־ווייט נישט קיין פולע און עס גייט אונז דאָ נישט אין אויסרעכענען אַלע, אַלע נעמען, וואָס זענען טע־טיק און זענען געווען טעטיק און שאַפעריש אין דער יידישער ליטעראַטור. עס איז וויכטיק בכלל די פּאַנאַנדערטיילונג פון די שרייבער אויף דורות, ווי עס איז אָנגענומען אין דער קריטיק און ביים לייענער־עולם.

לויט די יאָרן קומט אויס לפי־ערך אַזוי:

דער ע ר ש ט ע ר דור שרייבער געהערט מיט זיין אויפקום צו די 70ער, 80ער יאָרן און זיין פּאַנאַנדערוואוקס ציט זיך ביז אַרום סוף 19טן יאָר־הונדערט; דער צ ו ו י י ט ע ר דור — זיין אויפבלי הייבט זיך אָן אַרום 1901; דער ד ר י ט ע ר דור קומט אויף אין און נאָך די רעוואָ־לוציע־יאָרן פון 1906־1907; דער פ ע ר ט ע ר דור וואַקסט אַרויס אין די מלחמה־ און רעוואָלוציע־יאָרן פון 1914־1919; און דער פ י נ פ ט ע ר דור איז אויפגעקומען די לעצטע עטלעכע יאָר, זינט 1930 לערך.

אַזוי זעט אויס א י ן אַ ל ג ע מ י י ן, די אָנגענומענע קלאַסיפיקאַציע אין דער יידישער ליטעראַטור. א י ן אַ ל ג ע מ י י ן, ווייל ביי יעדן פון די שרייבער זענען דאָ ספּעציפישע און אייגנאַרטיקע באַדינגונגען, וואָס לאָזן אים נישט אין גאַנצן, ווי ער שטייט און גייט, און מיט זיין אַנטוויקלונג אונטערפאַלן אונטער די אַלע כללים און אייגנשאַפטן פון דעם געגעבענעם דור.

אַז מיר הייבן אָן טיפער זיך צוקוקן צו דעם גאַנג פון דער יידישער ליטעראַטור און פון יעדן שרייבער באַזונדער און הייבן אָן צו מאַכן פאַר־גלייכונגען מיט אַנדערע יידישע שרייבער און זייערע ווערק פון דעם געגע־

בענעם דור, זעען מיר איין, אַז אָט די פּאַנאַנדערטיילונג אויף ד ו ר ו ת קאָן נישט אָנגעווענדט ווערן אין איין מאָס פאַר אַלע שרייבער, וואָס האָבן אפשר אין פלוג, אויבנאויפיק אַלגעמיינע, פאַראַלגעמיינערטע שטריכן און אייגנשאַפטן.

עס איז כּלל נישט לייכט אַריינצוצוונעמען אַלע שרייבער אין די פּאַרטיקע ראַמען פון דורות.

מיר זעען גענויער אין איין אָטעם אַפּזאָגן „מענדעלע, שלום עליכם, פּרץ״ — אָבער לאָמיר נישט פאַרגעסן, אַז שלום עליכם, ווען ער האָט זיך פאַרמאָסטן צו שרייבן אויף אַן אמת, אין יאָר 1888, האָט ער אָנגערופן זיין בן־דור, זיין מיטצייטלער מענדעלע מוכר ספרים — „זיידע״. ווען ער, שלום עליכם, האָט אָנגעהייבן צו שרייבן יידיש, איז שוין מענדעלע געשטאַנען גאַנצע 25 יאָר אין דער יידישער ליטעראַטור. און די ערשטע ווענדונג פון דעם יונגען שלום־עליכם איז געווען די באַגריסונג (אין דער רוסישער שפּראַך) צום בעל־יובל. אין אָט דעם בריוו רעדט ער צו מענדעלען, „ווי אַ יונגער, נאָר פייערדיקער פאַרערער פון זיין, מענדעלעס, טאַלענט״, און ער אַליין, שלום־עליכם, האַלט נאָך גאָר פון פאַרנט: „איך האָב מיט מיינע אומבאַדייטנדיקע אַרבעטן נאָך גאָרנישט געגעבן, — דערפאַר אָבער וואָס פאַר אַ צוקונפט עס שטייט־פאַר פאַר מיר, ווי פאַר אַן אָנפאַנגער, וואָס פאַר אַ ברייט פעלד פאַר יעדן איינעם, וואָס ווינטשט צו ווידמען זיין צייט דער עבודה אויפן מזבח פון אונזער פאָלקס־מוזע״.

און אוודאי איז געווען אַ גרויסער מהלך, אַ דיסטאַנץ צווישן מענדעלען און פּרצן, — סיי אין דעם אינהאַלט, סיי אין דער אויפפאַסונג פונם יידישן לעבן און נאָך מער — אין די פאַרשיידענע השפּעות, וואָס פּרץ האָט אויף אַזאַ ליידנשאַפטלעכן אופן אויפגענומען אין זיך.

גרויסע ווידערשפּרוכן און ווידעראַנאַנדן זענען אָן ספק געווען צווישן די אַלע אַנדערע שרייבער, וואָס לויט זייערע יאָרן און לויט דער צייט פון זייער דירעקטער ווירקונג האָבן זיי געהערט צום ערשטן דור יידישע שריי־בער. פרישמאַן און שלום עליכם, אַנסקי און ספּעקטאָר — ווי פאַרשיידן זענען זיי מיט דעם קרייז אינטערעסן, מיט די קעגנזייטיקע ווירקונגען אין דער יידישער וועלט און אין דעם יידישן שאַפן! אי פרישמאַן, אי אַנסקי, אי בערדיטשעווסקי וואָלטן לויט זייער אינעווייניקסטער גייסטיקער וועלט, לויט זייער טעמאַטיק, לויט די פאַרשיידענע קרייצונגען, וואָס מיר זעען אין זיי — זייער גאַנצער געראַנגל פון „יידישקייט״ און „וועלטלעכקייט״ — וואָלטן זיי גיכער געהערט צום צווייטן דור, הגם לויט די יאָרן פון זייער אָנהייב, פון זייערע ערשטע טריט געהערן זיי צו די סוף 80ער יאָרן. דוד פרישמאַן האָט דאָך פאַרעפנטלעכט זיין פּאָעמע „אופיר״ צוזאַמען מיט

פרצן, וואָס האָט אין דער וועלבער „ידישע פאָלקס־ביבליאָטעק" פון שלום עליכם אין 1888 אָפּגעדרוקט זיין ערשט ווערק אין יידיש „מאָניש".

אַז פרץ האָט זיך געהאַלטן זייער ווייט פון מענדעלעס שאַפונגס־וועלט — איז באַקאַנט. עס איז אינטערעסאַנט די שטעלע פון פּרצעס רעדע אויף דער טשערנאָוויצער שפּראַך־קאָנפערענץ, אויגוסט 1908, ווען ער האָט דערמאָנט מענדעלען:

„. . . מיר מוזן אויך היינט געדענקען אָן יענעם גרויסן מאַן, וואָס איז צום ערשטן מאָל אַרויסגעטרעטן אין דער מאָדערנער, אייגנטלעכער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט אונז געשענקט די ערשטע קלאַסישע ווערק אין דער יידישער שפּראַך, און וואָס איז ליידער דאָ נישטאָ: אָן מענדעלע מוכר ספרים!"

אין אַן אַנדער רעדע, געהאַלטן אין 1910, האָט פּרץ באַרירט די פראַגע וועגן דער יידישער ליטעראַטור און אָנגעוויזן אויף דער באַזונדערער אויסטערלישקייט פון אַ ליטעראַטור, וואָס איז נאָך אַזוי יונג: „אַ ליטעראַטור, וואָס אירע שעפער האָבן נאָר איין מצבה אויפן בית עלמין (אייזיק מאיר דיק), און דער עלטסטער נאָך אים (מענדעלע) האָט ערשט ניט לאַנג גענומען אָן אָנטייל אין אַ ליטעראַרישן אַוונט אין אָדעס צוזאַמען מיט זיינע יינגסטע אוראייניקלעך . . ."

עס איז קיין ספק נישט, אַז פּרץ האָט זיך געהאַלטן נעענטער, לויט זיין איבעווייניקסטן דראַנג, „צו די אוראייניקלעך" ווי צום „עלטסטן" יידישן שרייבער.

עס איז אויך געלעגן אַ טיפער אונטערשייד צווישן שלום עליכם און פּרץ. אין יאָר 1888, ווען פּרץ, דאַן נאָך נישט פאַרעפנטלעכט אין יידיש קיין איין זאַך, שרייבט בריוו צו שלום עליכם, גיט ער אַליין אָן, אין אָט די בריוו, דעם אונטערשייד, די קעגנזאַצן, וואָס עס זענען דאָ צווישן אים און שלום עליכמען און אויך מענדעלען. ער שרייבט אין זיינעם אַ בריוו צו שלום־עליכמען: „איך ווייס די אַרבעט פון מיין האַר: זיין ווילן און שטרעבן איז (אויף וויפיל איך האָב געקאָנט פאַרשטיין) צו שרייבן צוליבן עולם, וואָס רעדט זשאַרגאָן פון זשאַרגאָנען־לאַנד, און איך שרייב צוליב זיך, צוליב מיין הנאה וועגן, און אויב איך דערמאָן מיך אַמאָל אָן דעם לעזער, איז ער פון אַ העכערער מדרגה פון דער געזעלשאַפט, ער איז דער מענטש, וואָס האָט געלייענט און געלערנט אין אַ לעבעדיקער שפּראַך". אין אַ צווייטן בריוו פון יענער צייט שטעלט אַרויס פּרץ אַזעלכע פאָדערונגען צו דער יידישער ליטעראַטור: „אַז מיר ווילן אַריינברענגען ניע געדאַנקען, מוזן מיר געבן אויך ניע פאָרמען, ניע אויסדרוקן, ווייל דער אַלטער לבוש פּאַסט זיך נישט צום נייעם, די אויס־

דרוקן זענען אויס לכתחילה פרעמד, אָבער סוף כל סוף וועלן זיי אַריינ־ דרינגען צום לעזער און וועלן באַרייכערן זיין פאַרשטאַנד. דעריבער האָב איך זיך נישט באַמיט צו באַשרענקען מיינע געדאַנקען און באַגרענצן זיי מיט די אויסדרוקן פון המון. פאַרקערט, איך האָב זיך געווענדט נישט צו זיין שפּראַך, נאָר צו דער שפּראַך, וואָס דריקט אַמשטאַרקסטן אויס דאָס פּיל־ באַרע, און דער לעזער וואָס איז נישט געבילדעט, זאָל זיך אויסבילדן".

אָבער ווי עס זאָלן נישט זיין טיף די אונטערשיידן צווישן די שרייבער, וואָס מיר זענען געוואוינט צוצורעכענען צום ערשטן דור יידישע שרייבער, צו די „גרונט־לייגער" פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור — איז דאָך פאַראַן דער „צד השווה" צווישן זיי אַלע, דער עיקר־העיקרים ביי זיי, וואָס זיי שטייען מיט זייערע שטאַמען אין דעם יידישן באָדן, וואָס דאָס יידישע שטעטל, די פּאַטריאַרכאַלע יידישע ווירקלעכקייט האָט זיי געגעבן יניקה פאַר זייער שאַפן.

II

שאַרפער און קלאָרער ווערט פאַר אונז די שאַפונגס־וועלט פון דעם ע ר ש ט ן דור יידישע שרייבער, ווען מיר קומען צו דעם צ ו ו י י ט ן דור און צו זיינע שאַפונגען. ערשט דאַן דערשפירן מיר די טיפע חילוקי־ דעות, די אַנדערשקייטן, וואָס עס טיילט אָפּ די גאַנץ־באַזונדערע דורות שרייבער.

דאָ און דאָרטן קאָנען מיר געפינען באַצייכענונגען, שטריכן, וואָס דער עלטערער דור שרייבער האָט אַזוי בדרך אַגב געגעבן דער נייער גענעראַציע שרייבער, וואָס זענען אויפגעקומען און זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן פאַר זיי־ ערע אויגן און אונטער זייערע שאָטנס.

עס איז פון גרויס וויכטיקייט די כאַראַקטעריסטיק פון די יונגע, וואָס שלום־עליכם גיט (אין 1906) אין אַ הקדמה צו י. די בערקאָוויטשעס אַ דערציילונג („דאָס שלום עליכם בוך" ז' 76־78). שלום־עליכם שרייבט דאָרט: „דור הולך ודור בא . . . איין גענעראַציאָן גייט־אונטער, די אַנ־ דערע קומט אָן . . . דער דאָזיקער געדאַנק איז מיר געקומען, בשעת איך האָב אַדורכגעקוקט די ערשטע דערציילונג אין יידישן פון י. ד. בער־ קאָוויטש . . . " שלום־עליכם שטעלט זיך אָפּ אויף בערקאָוויטשן און ער גיט צו: „דאָס וואָס איך וואָלט יאָ וועלן זאָגן איז וועגן בערקאָוויטשן בכלל אַלס ליכטיקע דערשיינונג אין אונדזער יונגער ליטעראַטור. איך האָב געבראַכט דאָס וואָרט „ליכטיקע" מיט אַ כיוון, ווייל אין אונזער יונגער אָרעמער פאָלקס־ליטעראַטור האָבן די לעצטע צייט איינגעוואַנדערט, גאָט ווייסט פון וואַנען, אַזעלכע שרייבער, צומייסטן יונגע (אין העברעאישן

רופן זיי זיך „צעירים"), מיט אַ גאַנץ בייעם שניט פון דעקאַדענץ, אָדער פון „שטימונג", ווי זיי רופן דאָס אָן. ווילט איר וויסן וואָס איז דאָס אַזעל־כעס שטימונג.... שטימונג הייסט: ווערטער, סתם ווערטער, הויכע, גע־בלאָזענע, קיילעכדיקע, שפּיצעכדיקע, מוראַדיקע ווערטער מיט פּינטעלעך אַ סך און מיט פּאַסעקלעך. דערצו אַ צוויי־דריי בילדלעך, אַ ביימעלע וואָס גוססט, אַ צווייגעלע וואָס ווינקט, אַ פייגעלע וואָס בענקט, אַ ווינטעלע וואָס לאַכט, אַ קאַץ וואָס לאָזט אַ טרער — און פּאַרטיק! קיין שום סיפּור־המעשה, קיין ברעקל פּסיכאָלאָגיע, קיין שפּור פון שילדערונג, טיפּן, כאַראַקטערן, — אַבי עס קלינגען שיין (נישט אַלע מאָל שיין), די ווער־טער, אַבי ס'איז שווערער צו פאַרשטיין. וואָס ווינציקער אינהאַלט, דעסטאַ מער שטימונג. אַמאָל האָט דאָס געהייסן „מליצה", היינט הייסט דאָס „שטימונג". איר קאָנט עפענען אַ זשורנאַל אָדער אַ בוך און באַגעגענען אַ דערציילונג פון סאַמע שטימונג, אַ ליד פון שטימונג, אַ פּובליציסטישן אַרטיקל פון שטימונג, אַ קריטיק פון שטימונג איבער שטימונג — בקיצור, שטימונג — דאָס איז אַ חולאת געוואָרן, אַזאַ קרענק רחמנא ליצלן, וואָס עס וואָלט געווען אַ יושר, אַז אונזערע קריטיקער זאָלן זיך אויף דעם אָרומקוקן".

שלום־עליכם ווייזט אָן, אַז „גליקלעכערוווייזע האָט די דאָזיקע שטי־מונגס־קרענק בערקאָוויטשן ב י ש ט אָנגערירט", ער שטרייכט אונטער, אַז בערקאָוויטש „מאָלט טיפן און בילדער פונם אַלטגעלעכן יידיש־מענטש־לעכן לעבן, יאָגט זיך נישט נאָך קיין עפעקטן פון שטאַרקע ווערטער, באַ־נוצט זיך נישט מיט קיין פּינטעלעך אאַז"וו".

שלום־עליכם ברענגט אָן אויסצוג פון אַ יונגן שרייבער: " . . . און ווען דאָס מיידל איז אין שטאָט ג ע ק ו מ ע ן , איז דער הימל פאַר־וואָלקנט ג ע װ ו ע ז ן , און אַ רעגנדל האָט אין דרויסע ג ע מ ר אַ ־ ק ע ט , און ווען זי האָט הונגער ד ע ר פ י ל ט , איז זי אַהיים עסן ג ע ג אַ נ ג ע ן . . . "

אַ געוויינלעכער מענטש וואָלט געזאָגט טאַקע דאָס אייגענע, נאָר אַביסל אַנדערש:

„אַז דאָס מיידל איז געקומען אין שטאָט, איז דער הימל געווען פאַר־וואָלקנט און עס האָט געמראַקעט אַ רעגנדל, און אַז זי האָט דערפילט, אַז זי איז הונגעריק, איז זי געגאַנגען אַהיים עסן".

„דאַכט זיך — זאָגט ווייטער שלום־עליכם — וואָס קאָן זיין ערלע־כער און פּשוטער און חנעוודיקער, ווי אַז מען רעדט פּשוט, ווי מענטשןריידן? . . .

„דור הולך ודור בא... אַ גענעראַציאָן גייט אַוועק, אַ גענעראַציאָן

קומט אָן. עס דאַרף זיך פרייען, איך, יעדער שרייבער, וואָס געהערט צו דעם אָפּגייענדיקן דור, אַז ער זעט פאַר זיך צווישן די יונגע באַגינענדיקע שרייבער, וואָס הייבן ערשט אָן זייער קאַריערע, אַזאַ גליקלעכע דערשיי־נונג ווי י. ד. בערקאָוויטש".

זייער שאַרף האָט פרץ קריטיקירט די יונגע יידישע ליטעראַטור אין זיין באַוואוסטן אַרטיקל „וואָס פעלט אונזער ליטעראַטור" (1910): „וואָס פעלט אונזער ליטעראַטור" — פרעגט פרץ און ענטפערט גלייך — „טראַ־דיציע! . . . גייט מיט אַ ליכט און זוכט אין אונזער ליטעראַטור טראַ־דיציע; איר וועט גאָרנישט געפינען . . . אַן אַלט, דאָס עלטסטע פאָלק און אַ יונגע, די יינגסטע ליטעראַטור! ווער ביסטו, יונג־יידישער שריי־בער?" — פרעגט פרץ און ערענטפערט: „אַ קינד אָן אַ טאַטן, אַ קינד אָן אַ מאַמען; אַ מאַרגן — אָן עברי . . . " און פרץ זאָגט ווייטער: „די יונגע לייט האָבן טאַלענט, עס פעלט זיי אָבער די מאָס פון אייגע־נער און פרעמדער קראַפט . . . און לייכטזיניק זענען קינדער און שפּילן זיך מיט פייער . . . א ו ן ב י י ם פ ר ע מ ד ן פ י י ע ר ו ו ע ר ן נ ש מ ו ת פ אַ ר ב ר ע נ ט". און ווייטער: „אַ צעזייט און צעשפּרייט פאָלק, אַ וואַנדער־פאָלק, אַ וועלט־פאָלק און אַן אייביק פאָלק, און אַ מאָ־מענט־אויפגאַם־ליטעראַטור, וואָס קאָן פון וואָלינער, ליטוויער און פוילישן קליין־שטעטל בשום אופן נישט אַרויס . . . אַ וואַנדער־פאָלק און אַ ליטע־ראַטור ווי אַ ש ט י י ע נ ד י ק ו ו אַ ס ע ר . . . "

אין דעם זעלבן אַרטיקל „וואָס פעלט אונזער ליטעראַטור" מאַכט פרץ אַ קורצן סכעמאַטישן אָנוואורף פון דער יידישער ליטעראַטור אין פאָלגנ־דיקע עטלעכע שורות: „ . . . קומט מענדעלע אין אָדעס און גיט די יידן און יידענעס מיט מאַרק, מרחץ, הקדש און שול . . . באַווייזט זיך דינעזאָן פון זאַגער און ברענגט שטילע יונג־דראַמען און קינדער־טראַ־געדיעס פון יידישן הויז . . . דער קיעווער שלום עליכם — דעם קאַמיוואָ־יאַזשאַר, דעם נאַאיוו־נאַריש־איבערקלוגן פרנסה־זוכנדיקן איבער־זידלער פון דער קליינער אין דער גרעסערער שטאָט אַריין, און אַנטפּלעקט טביה דעם מילכיקערס טראַגי־קאָמעדיע . . . באַלד קומט די רעוואָלוציע פון וואָויל־לערנער אין בית־המדרש . . . ווי דורך אַ געעפנטער טיר רייסן זיך אַריין די יינגערע מיט נייע טעמאַטן; אַש גיט די ווייסל, דאָס קוילער־געסל, דעם עמיגראַנט, דאָס הייזל; נאָמבערג — דעם צעבראָכענעם אינטעליגענט; ווייסענבערג בישטערט אין שטעטל און זעט אַ טאַטע מיט בנים אין פאַרשטאָט און זעט זאַמדיקע פעלצער, אַ וועלדל, וואַסער און וואָלקן . . . נאָך יינגערע קומען מיט פאַרבן, ברענגען אַריין דעם ים, זונען אויף־ און אונטערגאַנג, פויערן, ציגיינער, גנבים . . . עס שיילן

זיך אויס „צוויי וועלטן" — דער ראָמאַן ווערט געבוירן; די דראַמע איז שוין לאַנג דאָ . . . " אָבער פּרצן איז עס ווייניק, און ער מאָנט: „אָבער וואו זענען די ספרדישע יידן? וואו זענען די אַמסטערדאַמער בריליאַנטן־שלייפער? אַרגענטינער און פּאַלעסטינער קאָלאָניסטן? וואָס מאַכט ראָטשילד אין פּאַריז? לוצאַטו אין רוים..."

און פּרץ אַליין, וואָס איז פאַרשטאַנען אין דער מיט פון דער ניי־שאַפנדיקער ליטעראַטור, פּרץ, וואָס האָט געגעבן סמיכה די שרייבער פון צווייטן דור, הייבט אָן פילן אַ תהום צווישן זיך און זיי.

אין זיינע זכרונות, געשריבן אַרום 1912־1913, זאָגט ער אין איין אָרט: „. . . און איך בין שוין אַן אַלטער שרייבער. עטאַפּן דורכגעמאַכט . . . אַ חדר געהאַט און — אַליין געבליבן. נע ונד דאָס פאָלק, בפרט זיין באַהעם — יונגע שרייבער, אַוועק און מיט נעמען! און נעמען, דאָס מוז איך באַמערקן, נעמען האָבן באַקומען, לייט זענען געוואָרן — די „קונדיסים" פון חדר. די, וואָס האָבן נישט געלאָזט זיך פירן! די אַנדערע, וואָס האָבן אַזוי גערן זיך אונטערגעגעבן דער צענזור, געשטופּט דעם מאַנוסקריפּט צו מיין בליישטיפט — זאָל גאָט זיך אויף זיי דערבאַרעמען!"

און נישט נאָר די שרייבער פונם ע ר ש ט ן דור האָבן אַזוי קריטיש און מיט גרינגשאַצונג גערעדט וועגן די יינגערע, וועגן דעם צ ו ו י י ט ן דור שרייבער און פאַרזען דאָס פּאָזיטיווע און וויכטיקע וואָס זיי האָבן אַריינגעבראַכט אין דער יידישער ליטעראַטור. אַזוי איז אויך געווען די דורכשניטלעכע קריטיק אין יענער צייט.

אין אַ גרעסערער אָפּהאַנדלונג „די לעצטע ליטעראַרישע עפּאָכע" (1912) שרייבט בעל־מחשבות וועגן דער יידישער ליטעראַטור אין יענער צייט: „די היינטיקע ליטעראַטור אונזערע איז דורכגעדרונגען מיט אַ טיפן איינזאַמקייט־געפיל". „איר הויפּט־פאָרם — די קליינע נאָוועלע — איז נישט קיין צופאַל. ס'קומט אויס, ווי זי וואָלט סימבאָליזירט די אָפּגעריסנקייט פון אונזערע איבערלעבונגען, וואָס זענען נישט צונויפגעבונדן מיט די ברייטע פּערספּעקטיוון פון צייט און רוים אין סאָציאַלן זין". און בעל־מחשבות זאָגט ווייטער: דער היינטיקער שרייבער „האָט זיך אָפּגעריסן פון זיין פּאַטריאַרכאַלישן עבר און איז אַוועק אין דער גרויסער שטאָט נישט בלויז נאָך אַלגעמיינער בילדונג, נאָר אויך כדי צו זוכן אַ נייעם אינהאַלט פאַר דער נשמה. ער געפינט זיך דערווייל אין אַ פאָרמירונגס־פּראָצעס, פרעמד דערווייל פאַר זיינע אייגענע און פונקט אַזוי פרעמד פאַר די אַנדערע. ער רייסט זיך נישט אָפּ פון זיין פאָלק, ווי זיינע פאָרגייער פון די פריערדיקע דורות — ער וויל באַשאַפן אַ סינטעז צווישן

יידישקייט און די אַלגעמיין־מענטשלעכע פאָדערונגען פון זיין „שמה״. און בעל־מחשבות מאַכט אַזאַ מין טרויעריקן אויספיר: „די לעצטע יאָרן באַמערקט זיך אַ געוויסער שטילשטאַנד אין דער ליטעראַטור. ס׳דאַכט זיך, אַז אי די העברעאיסטן, אי די יידישיסטן האָבן זיך שוין אויסגעשעפּט און זענען מער נישט בכוח צו שענקען אונז אַזוינע ווערק, וואָס זאָלן שטיין אויף דער מדרגה פון די אַמאָליקע אַרבעטן זייערע. ס׳האָט אַ פּנים, ווי די יונגע ליטעראַטור וואָלט האָבן צו גיך אָפּגעלעבט, אַז די סימנים פון עלטער זענען געקומען פריער, איידער דאָס קומט פאַר נאָרמאַל . . . ״

און דאָס האָט בעל־מחשבות געשריבן אין דער צייט, וואָס דער גאַנ־צער צווייטער דור יידישע שרייבער האָט געהאַלטן אין סאַמע פאַנאַנדערבלי־פעריאָד פון זיין שאַפן.

ווי אַ מין קעגנזאַץ צו אָט דער כאַראַקטעריסטיק פון די יונגע, וויל איך דאָ ברענגען אַן אויסצוג פון אַן „אַדרעס״, וואָס מיר, דוד בערגעלסאָן און איך, האָבן אָנגעשריבן און דערלאַנגט פּרצן אין יאָר 1910, ווען פּרץ האָט באַזוכט קיעוו. פון די קורצע, מליצהדיקע, אפשר אויך — יינגלשע שורות זעט מען דאָך אַרויס די געפילן, וואָס האָבן געלעבט ביי דער יוגנט, ביי די אָנפאַנגער, צו פּרצן און צו זיין אָרט אין דער יידישער שאַפערי־שער וועלט. דאַן, אין יאָר 1910, האָבן מיר ערשט געמאַכט אונזערע ער־שטע ליטעראַרישע שריט און פּרץ האָט קוים געהערט וועגן אונז. מיר האָבן גענומען פּרצעס נאָוועלע „פיר דורות, פיר צוואות״ ווי אַן „אויס־גאַנגפּונקט״ פאַר אונזער באַגריסונג.

דער אַדרעס, וואָס איז געשריבן געוועזן אויף פּאַרמעט, לייענט זיך אַזוי:

„אונזער ליבן עלטסטן און תמיד־יונגן יצחק לייבוש פּרץ — פון דער קיעווער און דעמיעווקער יוגנט. פיר דורות, פיר ריינגען, פיר זיילן, פיר שטאַמען האָסטו אין אונזער לעבן אונז געוויזן. געבוירן, געלעבט און געשטאָרבן אין גלות, און נאָך זיך נישט מער ווי פיר צוואות געלאָזט. לעבט דאָך נאָך אַלץ ר׳ אליעזר חייקלס מיט זיין לעצטן רצון, אַז די קינדער זאָלן בלייבן ביים וואַלד בשותפות, און די ספרים זאָל נעמען בנימין החתן שיחיה. הייבט זיך נאָך איצט אויך העכער פון אים אויף בנימין זיין יורש, וואָס ווייסט, אַז דאָס פּקדון איז איבער דער צייט ביי אים פאַר־פלעקט געוואָרן, חלומט זיך אים שוין, אַז דער ספר איז פון זיין האַנט אַרויסגעפאַלן און בעטן בעט ער שוין ביי זיינע זין און איידעמס: זייט מער יידן ווי סוחרים, ווייל וואָס גרעסער דער סוחר אַלץ קלענער דער ייד. וואַלגערט זיך נאָך ערגעץ אַ צעטל אויף פּויליש אָדער אויף רוסיש פון מאוריצן, אַז מען זאָל דעם זון זיינעם מיט אַ טעלעגראַם פון פּאַריז אַרויס־

רופן, דינגען אַ דיין אָדער אַזוי אַ לםדן אויף קדיש זאָגן. קאָן שוין לענגער נישט לעבן און גייט אַוועק פון דער וועלט דער פערטער דור. נישט פאַר נחת, נישט פאַר עגמת־נפש, נאָר פון לערקייט. לענדער אַ סך האָט ער געזען און קיין איינציק לאַנד איז נישט זיינס געווען. אַ סך שפּראַכן האָט ער געליופיק גערעדט, נאָר קיין איינציקע געפּילט. מיט די ווערטער ווי מיט באַלן האָט ער געשפּילט, און שטאַרבן שטאַרבט ער אַוועק מיט דעם גוף און נשמה . . . שטאַרבן אויס די פיר דורות, און דאָס יידישע לעבן גייט זיך זיין וועג. טיף איז דער מקור, שטאַרק איז און שטראָמט אַלץ דער קוואַל. פון די פיר שטאַרבנדיקע דורות שטאַמען מיר מיט דעם פינפטן לעבעדיקן דור אַרויס. דאָס איז דער דור, וואָס דו האָסט דערצויגן. נישט ביי אַ צוואה האַלט ער שרייבן, נאָר מיט אַ באַגייסטערטער און שעפערי־שער קראַפט טרעט ער צוזאַמען מיט דיר אין לעבן און צוזאַמען מיט דיר נעמט ער דעם איבערגעריסענעם פאָדעם ווייטער שפּינען, אַלץ ווייטער און ווייטער שפּינען אייביק אין די דורות אַריינשפּינען און וועבן אי־בעראַל מיט אַ ליכטיקער נעץ די וועלט פאַרנעמען. צוזאַמען מיט דיר וואַרטן מיר אויף דער שיינער צוקונפט, צוזאַמען מיט דיר ווילן מיר שאַפן דאָס אַלט־נייע לעבן. שלאָג־זשע דעם שטיין, וועט ער געבן וואַסער, דריק פעסטער די איילבירט, וועט זי געבן בוימל! — קיעוו, אייר, תר״ע — 1910״.

III

עס איז וויכטיק פאַר אונז, ווען מיר רעדן וועגן די פאַרשיידענע דורות שרייבער, אויסצוגעפינען די ד י ר ע ק ט ע השפעות, וואָס די עלטערע שרייבער האָבן געהאַט אויף די ייגגערע. עס איז גוט באַקאַנט די ווירקונג פון פרצן אויף אַ ריי שרייבער פונם צווייטן דור און אויך אויף אייניקע שרייבער פונם דריטן דור. די ווירקונג פון פרצן אויף די שפּעטערדיקע שרייבער, אויך אויף די שרייבער פונם פינפטן דור איז אויך זייער גרויס. אין דער פיל־פאַרצווייגטער פרץ־ליטעראַטור, איבערהויפּט אין די זכרונות פון זיינע תלמידים־פאַרערער האָבן מיר פיל אינטערעסאַנטע מאַטעריאַלן איבער אָט דער פראַגע.

אַמאָל, אין אַ שמועס מיט שלום אַשן, ווען ער איז געווען אומרואיק און אויפגערעגט, האָט ער מיר אַ זאָג געטאָן: „ . . . איך וואַרף אָפּ די אָנגענומענע לעגענדע, וואָס מען האָט מיר אָנגעבונדן, אַז איך בין אַרויס פון פרצעס שטוב, אַחוץ דעם אָנהייב, וואָס פרץ האָט מיר באמת געהאָלפן צו מאַכן. — נישט נאָר, וואָס די פרץ־שטוב האָט מיר נ י ש ט ג ע ־ ג ע ב ן , נאָר, אדרבא, שפּעטער האָט זי מ י ר ג ע ש ט ע ר ט . איך

האָב מיט איר מלחמה געהאַלטן". ווען איך האָב אָנגעהייבן דערווייזן אַשן, וואָס די יידישע קינסטלערישע וואַרשע איז געווען אויסער פּרצן און גע־בומען רעדן וועגן פּרצעס פּאַטאָס פאַר שאַפן, וואָס ער האָט אָנגערעגט זיינע באַגעגנטע, האָט שלום אַש צוגעגעבן: „נו, אוודאי, דאָס קאָן מען נישט לייקענען. פּרץ האָט געהאַט אויף מיר אַ געוואַלדיקע השפּעה, ער האָט מיר געגעבן דעם שטויס, דעם דראַנג, די איבערצייגונג, געעפנט מיר די אויגן. ער האָט מיך געלערנט מיט זיינע אייגענע זאַכן, אַז מען קאָן שרייבן מעשיות אין יידיש. ווען אָבער איך וואָלט מיך צוגעהערט איינגאַנצן צו פּרצן, וואָלט איך נישט געשאַפן נישט נאָר „גאָט פון נקמה", נאָר אַפילו „דאָס שטעטל", און וואָלט געבליבן ביי מיינע נאַאיווע קינ־דער־שטימונגען, מיט וועלכע איך בין געקומען פון קוטנע קיין וואַרשע. מיר איז אויסגעקומען שפּעטער צו קעמפן פאַר מיין זעלבסטשטענדיקייט, און דאָס האָט אַריינגעבראַכט צווישן אונז אַ דיסהאַרמאָניע".

ס'איז אינטערעסאַנט די מיינונג פון פּרצן וועגן שלום אַש אין דער צייט, וואָס אַש איז מיטאַמאָל געוואָרן באַרימט אין די רוסישע און דייט־שע טעאַטראַלע קרייזן מיט זיינע דראַמאַטישע ווערק „משיחס צייטן" און „גאָט פון נקמה". אין אַן אַרטיקל וועגן אָט די צוויי ווערק, שרייבט פּרץ אין יאָר 1907 צווישן אַנדערן אָט־וואָס: „אַש. נישט אַש נאָך אַן אויסגעלאָשענעם פלאַם, נאָר ש ל ו ם  אַ ש , וואָס צעפלאַמט זיך אַלץ העלער און העלער: 'שטעטל', 'משיחס צייטן', 'אל נקמות' . . . פון אַשס ליכט־זייטן דאַרף מען הייַנט שוין נישט רעדן, נאָך דער הסכמה פון וואַרשע, פּעטערבורג, בערלין, ווין דאַרף מען נישט באַווייזן, אַז אַש האָט טאַלענט. — — עס איז שוין צייט דעריבער פון אַשס פעלערן צו רעדן. וואָס גרעסער דער בוים, גרעסער איז זיין שאָטן, און וואָס טאַלאַנטפולער דער דיכטער — אַלץ שעדלעכער, וואָרום צו אַלעם ערשטן — אנשטעקנ־דער זיין פעלער! און אַשס אַרטיסטישער מאָגן איז שוין גענוג שטאַרק קריטיק צו פאַרדייען, עס וועט אים נישט פאַרשאַדן . . . " און נאָך דעם ווי פּרץ רעדט אַרום די פעלערן פון „משיחס צייטן" און „גאָט פון נקמה" (וועגן „גאָט פון נקמה" זאָגט, אגב, פּרץ, אַז עס איז „אַ גרויסאַרטיק ווערק"), באַרירט פּרץ אַשס באַציאונג צו דער נישט־יידישער ליטעראַטור און זאָגט: „אַש, דער דיכטער, וועט אונז אָפּטריניק ניט ווערן . . . דאָס פרעמדע לעבן וועט אים אייביק זיין פרעמד, נאָך פרעמדער — די פרעמדע שפּראַך . . . ער איז, וועט און מוז פאַרבלייבן אַ יידישער שריי־בער". און פּרץ גיט צו: „אַש איז אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. „צידה לדרך", האָב איך אים געזען מיטנעמען: פאָלקס־ליטעראַטור, קבלה־ספרימלעך און מדרשים . . . זאָל עס אים זיין צו רפואה".

מען דאַרף געדענקען: שלום אַש איז אריינגעפאַלן אין דער יידישער וואַרשע צווישן פרצן פון איין זייט און רייזען־נאָמבערג פון דער אַנדערער זייט. און עס איז קיין ספק נישט, אַז פרצעס השפּעה איז געווען פאַר אַשן אַ באַדייטנדיקע און באַפרוכפּערנדיקע, אָבער אויך רייזען און נאָמבערג האָבן געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף אַשן.

## IV

די כאַראַקטער־שטריכן, די אייגנשאַפטן פון דעם ערשטן דור יידישע שרייבער זענען שוין גוט און גענוי באַקאַנט. מענדעלע האָט אַמאָל זייער קלאָר כאַראַקטעריזירט זיין אַרט־שאַפן: „איז דען דאָ נאָך אַן אומה אויף דער וועלט, וואָס דער גאַנצער לעבנס־שטייגער פון איטלעכן באַזונדער זאָל זיך ציען פון געבוירן ביז צום שטאַרבן אויף איין נ ו ס ח, ווי ביי אונז, יידישע קינדער". און קאַבצאַנסק און טונעיאַדעווקע זענען געווען און פאַרבליבן דער וויכטיקסטער מקור פאַר זיין שאַפן. עס איז אויסגעקומען, ווי די יידישע וועלט וועט זיך שוין גאַרנישט ענדערן.

די יידישע שרייבער, וואָס האָבן אָנגעהייבן צו שרייבן אָנהייב דעם 20טן יאָרהונדערט האָבן שוין געטראָפן די יידישע וועלט אין פּראָצעס פון איבעראַנדערשונג, פון איבערבויאונג. דאָס שטעטל איז שוין ווייט נישט דער מיטלפּונקט, דער אָנהייב און סוף פון יידישן לעבן. עס קומען אויף שטעט, עס קומען־אויף נייע ווירטשאַפטלעכע און עקאָנאָמישע און אינדוסטריעלע צענטערן. אין יידישן לעבן רייסן זיך אַריין וועלטלעכע השפּעות. מען קומט אין באַריר מיט דער אַרומיקער וועלט. עס עפענען זיך טיר און טויער פון דעם יידישן געטאָ. עס קומט אויף דאָס פּראָבלעם יידישקייט און וועלטלעכקייט. עס קומט פאַר דער צעפאַל פון דער פּאַטריאַרכאַלישקייט. די איינהייטלעכע יידישע עדה הייבט זיך אָן דיפערענצירן און פאַנאַנדערצעטיילן. עס קומען אויף נייע מענטשן אין דער יידישער גאַס, עס שאַפט זיך אַ ניי־וועלטלעכע סביבה. שלום אַש טוט ערגעץ אַ זאָג וועגן זיינע יידן: „דער ייד, וואָס איז געבוירן געוואָרן אויף דער דאָרטיקער ערד, האָט אין זיך מער פ ע ל ד ־ ג ע ש מ אַ ק ווי ב י ת ־ ה מ ד ר ש א ו ן מ ק ו ו ה". עס רוקט זיך אַרויס פון אונטער די פיס דער קליינשטעטלדיקער באָדן מיט זיינע אַלע אייגנטימלעכקייטן. ביי שלום אַשן באַווייזן זיך יונגען פון קוילער־געסל, ביי רייזען קומט אויף די פאַבריק אין שטעטל, ביי וויסנבערגן רייסן זיך אַריין אַרבעטער־יונגען אין דער יידישער שול און פאַרנעמען דעם רבס באַלעמער.

די יאָרן 1905־1906 עפענען נייע האָריזאָנטן. אנשטאָט בית־המדרש,

— די אַרבעטער־בערזע, וואו די יונגע לייט ברענגען אַ נייע תורה, נייע געבאָטן, נייע פאָדערונגען צו דער וועלט, צו דער מאַכט און צו דער יידישקייט. פאַרמעסט, געראַנגל מיט צאַרישער מאַכט, געראַנגל מיט דורות־טראַדיציע, נייע האָריזאָנטן. דער שרייבער ווערט אַריינגעצויגן אין דער רעוואָלוציע, אין דעם רעוואָלוציע־געווירבל. אין די אויפברויז־יאָרן זענען פיל יידישע שרייבער מיטגעצויגן געוואָרן מיטן רעוואָלוציאָנערן שטראָם. און עס איז דאָך אָן אַלטער כלל, אַז יעדער מאַסן־אויפברויז, יעדע מאַסן־סטיכיע רוקט אַרויס נייע שרייבער. און ווי די רעוואָלוציע אַזוי אויך די רעאַקציע, דער באַרג־אַראָפּ, דער צוריק־שטראָם האָט אַרויסגערוקט אין דער יידישער ליטעראַטור שרייבער, וואָס האָבן אין זייערע שאַפונגען געגעבן אַן אויסדרוק דער געדריקטער שטימונג, דער פאַרצווייפלונג. אַנדערע זענען מיטגעשלעפּט געוואָרן מיט די רעאַקציאָנערע שטימונגען, זיי האָבן מיטגעמאַכט מיט זייערע ווערק די דערשלאָגנקייט, די אַפּאַטיע און גע־נומען רופן צוריק אין שול אַריין.

עס איז שווער צו געפינען אַלגעמיינע שטריכן פאַר די אַלע שרייבער פונם צווייטן דור, וואָס זענען געווען שאַפעריש טעטיק אין די יאָרן 1905־1901, נאָך שווערער איז צו געפינען געמיינזאַמע כאַראַקטער־שטריכן פאַר די זעלבע שרייבער פונם צווייטן דור און פאַר די ניי־צוגעקומענע — דער דריטער דור — אין די יאָרן 1914־1906. די יידישע ליטעראַטור האָט דאַן זיך שטאַרק צעוואַקסן, עס זענען געקומען שרייבער פון בית־המדרש, פון רבנישע הייזער, און עס זענען אויך געקומען שרייבער פון וואַרשטאַט, שרייבער פון פאָלק. אויך דער ערשטער דור שרייבער — און בעיקר פּרץ — האָט דאַן אויפגענומען פאַרשיידענע נייע השפּעות און זיך געענדערט הן מיט זיין פאָרם און הן מיטן אינהאַלט.

וואָס פאַראייניקט די אַלע שרייבער פונם צ ו ו י י ט ן דור? — קודם כל — די אַנדערשקייטן וואָס זיי פאַרמאָגן, וואָס זיי טראָגן אין זיך אין פאַרגלייך מיטן ע ר ש ט ן דור יידישע שרייבער. שוין דאָס אַליין, וואָס דער ערשטער דור שרייבער איז געווען פאַרגאַנצט, פאַרענדיקט, האָט געהאַט זיין וועלט, זיין סביבה, זיין שאַפונגס־קרייז, און דער נייער דור, דער צווייטער, האָט געבלאָנדזשעט, גענישטערט און געזוכט, געמאַכט פאַרשיידענע זיגזאַגן. אָט די נייע שרייבער האָבן אויך אָנגענומען מער־אייראָפּעאישע, מער־וועלטלעכע שאַפונגס־פאָרמען, גאָרנישט אין פאַר־גלייך מיט די עלטערע שרייבער, וואָס האָבן געשריבן אויף אַן אייגנ־אַרטיקן יידישלעכן אופן, נישט לויט די אַלגעמיינע אָנגענומענע געזעצן און ליטעראַטור־טעאָריעס.

און נאָך אַ וויכטיקער מאָמענט: די דיפערענצירונג, די פאַנאַנדער־

טיילונג, וואָס איז געקומען אויף דער יידישער גאַס, — דער ציוניזם פון איין זייט און דער סאָציאַליזם אין אַלע זייַנע פאָרמען פון דער אַנדערער זייט, און צוזאַמען מיט זיי — די פאַנאַנדערטיילונג, דער ריס צווישן העברעאיש און יידיש. עס טיילן זיך אויס, עס קריסטאַליזירן זיך אויס צוויי באַזונדערע וועלטן, וואָס האָבן יאָרן געלעבט אידיליש צוזאַמען. א ד ע ס און ו ו א ר ש ע, א ח ד ה ע ם און פ ר ץ, די יונג־יידישע ליטעראַטור איז מורד אין דעם האַר, אין דעם פירער. זי לאָזט זיך אויף אייגענע וועגן.
.....

צווישן אַ צאָל יידישע שרייבער פונם צווייטן דור הערשט נאָך לאַנגע יאָרן אַ שטענדיקער אינעווייניקסטער געראַנגל צווישן אָט די צוויי וועלטן, אַ „ויתרוצצו" צווישן העברעאיש און יידיש. ז. שניאור האָט עד־היום נאָך נישט גובר געווען אין זיך די צוויי באַזונדערע כוחות, וואָס ציען אים אָט אַהער און אָט אַהין. אַנדערע האָבן גלייך נישט אויסגעהאַלטן און זענען איבגאַנצן אַריבער צו דער העברעאישער ליטעראַטור, ווי ח. נ. ביאַ־ליק, י. ד. בערקאָוויטש.

פאַר די עלטערע יידישע שרייבער, פאַר דעם ערשטן דור, זענען די יאָרן 1905־1906 געווען אַ גאַנץ־וויכטיקע פּאַסירונג. עס האָט זיי גע־געבן שטאָף און אַנרעג פאַר ביידע שטימונגען (בעיקר פאַר פרצן און שלום עליכמען, אויך פאַר מענדעלען און אַוודאי פאַר אַנסקין און פרישמאַנען!), עס איז אָבער נישט געווען קיין נייער קער־פונקט אין זייער שאַפן. אַנ־דערש איז געווען פאַר כמעט אַלע שרייבער פונם צווייטן דור. פאַר זיי איז עס געווען אַ נייער ווענד־פונקט אין זייער ווייטערדיקן שאַפונגס־גאַנג.

און נאָך שאַרפער זעען מיר די מחיצה, וואָס טיילט אָפּ איין דור, דעם ערשטן פונם צווייטן אין דער וועלט־מלחמה. דער ערשטער דור פאַר־שווינדט, גייט אינגאַנצן אַוועק בעת און גלייך נאָכן וועלט־קריג. עס איז ווי אַ מין סימבאָל — איינער נאָכן אַנדערן ווערן ווי דורך אַ שטורעם אַרויס־געריסן די אַלטע דעמבעס פונם יידישן ליטעראַטור־וואַלד. פריער פרץ, דערנאָך שלום־עליכם, מענדעלע און אינצווישן און באַלד נאָך זיי — לי־נעצקי, פרוג, דינעזאָן, אַנסקי, פרישמאַן, בערדיטשעווסקי, ספעקטאָר. עס איז געווען ווי דער גאַנצער ערשטער דור איז „איינגעזאַמלט געוואָרן צו זיי־נע עלטערן" און ס'איז אין דער יידישער שאַפונגס־וועלט אויפגעקומען אַ נייער דור שרייבער, וואָס איז געווען אין שאָטן פון די אַלע דעמבעס, די קלאַסיקער, און וואָס האָט זיך באַזונדערס אָנגעהויבן פאַנאַנדערוואַקסן און פאַנאַנדערשפּרייטן.

און צוזאַמען מיט די יידישע מאַסן, וואָס האָבן עמיגרירט פון אַמאָליקן

רוסלאַנד קיין אַמעריקע און געגומען בויען דאָ אַ נײַ לעבן, פאַרלאָזן אויך יידישע שרייבער, באַקאַנטע און אָנפאַנגער, און קומען און לייגן אין אַמע־ריקע אַ פונדאַמענט פאַר אַ נייער יידישער ליטעראַטור. אַנדערע טראָגן אַריבער זייערע פריערדיקע מאָטיוון אין די ווערק, אַנדערע ווידער פאַרמעסטן זיך גאָר אויף נייער טעמאַטיק און ברענגען אַריין אין דעם יידישן שאַפן נייע, נישט געדאַכטע וועלטן און געשטאַלטן און געראַנגלענישן.

דאָס יידישע לעבן האַלט זיך אין איין ענדערן. ס'איז נישטאָ מער קיין איין אַלגעמיינער נוסח פאַר דעם יידישן לעבן, פאַר דעם יידישן פאָלק, וואָס איז איצט צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט. דאָס יידישע לעבן איז פילפאַרביק, פאַרשיידנקאָלירנדיק, עס מישן זיך ווירקונגען פון דער פרעמד און אייגענע טראַדיציעס, וואָס נעמען אָן ביי די איצ־טיקע באַדינגונגען אַלץ־נייע פאָרמען. אַמאָל האָבן מיר געהאַט קאַבצאַנסק, קאַסרילעווקע, מיט אַלגעמיינע לעבנס־פאָרמען און לעבנס־געזעצן, און איצט האָבן מיר פאַרשיידנאַרטיקע יידישע סביבות ביי די פאַרשיידנסטע סאָציאַלע, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַדינגונגען און אומשטענדן. „פון ירדן ביז וואָלגאַ — איז פאָלג מיך אַ גאַנג!" און פאָלג מיך אַ גאַנג פון איישישאָק ביז ניו־יאָרק, פון גאָמבין ביז בוענאָס־איירעס, פון עין־חרוד ביז בירא־בידזשאַן, און אַפילו פון איין טייל שטאָט פון ניו־יאָרק ביז אַ צווייטן.

די יידישע גאַס ווערט אַלץ מער דיפערענצירט, טיפע אונטערשיידן אין יעדן ווינקל, אין יעדן הויז. ווידערשפּרוכן און ווידעראַנאַנדן אויף שריט און טריט, פאַרשיידענע כוחות און פאַקטאָרן רייסן זיך אַריין אין לעבן פון יעדן איינציקן, און נאָך מער זענען דאָ פאַרשיידנאַרטיקן אין די אַלע ערד־טיילן, וואו עס לעבן און עס ווירקן יידן, ווירקן און שאַפן, גע־פינען זיך אונטער דער גוטער אָדער שלעכטער, פּאָזיטיווער אָדער נעגאַ־טיווער השפעה און איינפלוסן. עס איז, פאַרשטייט זיך, אַלץ־ווייניקער דאָ אַ „סמיכת־הפרשיות", אַ נאָענטקייט, אַ געמיינזאַמקייט צווישן ייד און ייד און ממילא — צווישן איין שרייבער און דעם צווייטן. נישט דאָס יידישע לעבן איז איצט פון איין שניט און אויך נישט דער שרייבער פון די וויטערדיקע דורות.

עס זענען דאָ צווישן די שרייבער פון די שפּעטערדיקע דורות, — דעם צווייטן, דריטן, פערטן, פינפטן — אַזעלכע, וואָס לעבן זיך אויס דורכ־אויס, פון אָנהייב ביזן סוף אין איין סביבה, אין איין פאַרשלאָסענער וועלט. זיי זענען אָבער נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם רוב שפּעטערדיקע דורות יידישע שרייבער, וואָס וואָגלען פון איין אָרט אויפן צווייטן, וואָס וואַנדערן פון איין וועלט צו אַן אַנדערער.

אויב ביי דעם ערשטן דור יידישע שרייבער איז געווען דירעקטער המשך פון איין ווערק צום צווייטן, אָדער עס זענען געווען דאָס רוב פאַרשיידענע ווערק אויף איין טעמע, וואַריאַציעס אויף איין מאָטיוו, — איז גאָר אַנדערש מיט די שפּעטערדיקע יידישע שרייבער. אָט האָט ער פאַר זיך א י י ן וועלט און אָט גאָר אַן אַנדערע, וואָס האָט קיין שייכות נישט צו דער וועלט, וואָס איז געשילדערט אין זיין פריערדיקן ווערק. דער סאַמע כאַראַקטעריסטישער אין דעם זין איז שלום אַש, וואָס זיין יעדעס ניי ווערק, וואָס ער פאַרעפנטלעכט כמעט יעדעס יאָר, איז פון גאָר אַנדערע פאַרשיידנאַרטיקע וועלטן. און נישט נאָר שלום אַש; אַזוי אויך פרץ הירשביין, וואָס פאַר פאַרשיידענע וועלטן ער נעמט אַריין אין זיין שאַפן: „קינדער־יאָרן", „רויטע פעלדער", „בבל", און אַזוי אויך י. י. זינגער: „יאָשע קאַלב", „ברידער אַשכנזי", „חבר נחמן"; און אַזוי ה. לייוויק: „אַבעלאַר און העלאויז", „סדום", „עקדה", „דער בלינדער פּאָעט"; און אַזוי אויך י. אָפּאַטאָשו, דוד בערגעלסאָן, ז. שניאור, א"אַ.

עס וואָלט געווען וויכטיק פאַנאַנדערצושיידן די השפעות פון דער דרויסנדיקער וועלט אויף די שרייבער פון דעם ערשטן דור און אויף די שרייבער פון די שפּעטערדיקע דורות. פריער זענען עס געווען גאָר צוויי באַזונדערע, אָפּגעטיילטע וועלטן, וואָס האָבן איינע מיט דער אַנדערער קיין שייכות און קאָנטאַקט נישט. מיט דער צייט שאַפן זיך אָפּ אָט די שאַרפע מחיצות, און אָפט קומט פאַר ביי אַ ריי שרייבער אַן אינערלעכער געראַנגל פון דער יידישער און נישט־יידישער וועלט. עס איז דערנאָך געווען אַ הין־און־צוריק שטראָם. ביי אייניקע שרייבער, ווי ביי בערדיטשעווסקי און אַנסקי, איז געוואָרן אַן איבערגעטריבענע בענקשאַפט צוריק אַהיים, ווי עס איז אויסגעוואקסן, אין אַן אַנדער פאָרם און מיט אַן אַנדער שטייגער, די בענקשאַפט ביי יידישע שרייבער אין אַמעריקע, די בענקשאַפט צו דער אַלטער היים, צו די אַלטע לעבנס־פאָרמען פון אַמאָליקן, פאַרצייטיקן יידישן לעבן.

עס איז אויך דאָ אַ טיפער אונטערשייד צווישן דעם ערשטן דור שרייבער, וואָס האָט ווייניקער געזען דעם יחיד אין לעבן; די עדה, דער קיבוץ האָט פאַרשטעלט פאַר אים דעם איינצלנעם, אין דער צייט וואָס דער שפּעטערדיקער שרייבער האָט אָנגעהייבן אַרויסשיילן דעם יחיד, דעם אינטעלעקט, די איינצל־געשטאַלט, די פּערזענלעכקייט.

און אַוודאי אַנדערש איז די אויפפאַסונג פון די סאָציאַלע קאָנפליקטן, פון די סאָציאַלע צוזאַמענשטויסן און קאַמפן אין דער אַמאָליקער יידישער פּאַטריאַרכאַלישער, האַלב־מיטלאַלטערלעכער וועלט און ביי די ניי־געשאַפענע היינטצייטיקע סאָציאַלע געראַנגלענישן, ווי זיי זענען אויפגעפאַסט

ביי די שפּעטערדיקע שרייבער און באַזונדערס ביי די שרייבער, וואָס האָבן געהאַט אַ באַוואוסטזיניקן קלאַסן־צוגאַנג צו די סאָציאַלע קאַמפּן אין דער יידישער גאַס, אין דער יידישער וועלט.

## V

דער צייט־אָפּשניט, דער דויער פונם ערשטן דור איז געווען פיל לענגער ווי פון די שפּעטערדיקע דורות. און עס איז פאַרשטענדלעך. דאָס יידישע לעבן, ווי די וועלט אַרום איז געווען אין אַ מער־סטאַטישן צושטאַנד, די ענדערונגען, די פּראָצעסן אין לעבן זענען פאַר־געקומען פאַמעלעכער, בהדרגהדיקער. האָט דעריבער מענדעלע מוכר ספרים צענדליקער יאָרן געקאָנט לעבן אַלץ אין דער זעלבער סביבה, לעבן מיט זיין וועלט, וואָס ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט פון זיין קינדהייט און יוגנט. האָט ער געקענט אַ ווערק איין מאָל און אַ צווייט מאָל איבער־אַנדערשן, פאַרריכטן און נישט ענדערן דעם תוך אין לויף פון יאָרן. עס זענען אויך נישטאָ קיין טיפע אונטערשיידן צווישן די קינדער־מעשיות, וואָס שלום־עליכם האָט געשריבן סוף 80ער יאָרן, מיט זיין „פונם יאַריד'', וואָס ער האָט געשאַפן די לעצטע צוויי יאָר פון זיין לעבן, אין 1915־1916. דערצו האָט מענדעלע זיין ערשט ווערק אָנגעשריבן אין יידיש אין 1864, שלום עליכם אין 1884, פּרץ אין 1888, און דאָך זענען זיי געווען אָן ספק אַלע פון איין צייט־אָפּשניט.

גאָר אַנדערש איז אין די שפּעטערדיקע צייטן. דאָס יידישע לעבן ווערט האַסטיקער, ראַשיקער, עס גייט מיט שנעלערע טריט, עס ענדערט זיך כסדר אויסערלעך און אינערלעך. איצט איז שוין דער דויער פון אַ דור נישט פערציק יאָר, נאָר פיל קירצער. פאַר דער צייט קומען־אום יידישע ישובים און עס קומען־אויף נייע. די גרויסע געשעענישן, — דער וועלט־קריג, די רעוואָלוציע, דער בירגער־קריג — שניידן זיך אַריין אין יידישן לעבן, מאַכן פאַרוויסטונגען, רייסן אויס מיטן וואָרצל אַלטע, הונדערט־יאָריקע יידישע קיבוצים און שטעלן אויף מיטאַמאָל און אומגעריכט נייע. דאָס אַלץ רופט זיך אָפּ אויף דעם יידישן שרייבער, וואַרפט אים פון איין וועלט אין דער אַנדערער, שטעלט פאַר אים אַלעמאָל אַרויס נייע קאָנפליקטן, נייע קאַליזיעס, נייע גרענצלעכישן, וואָס ער פּרואווט צו לייזן. און די צעשפּריטקייט און צעזייטקייט פונם יידישן לעבן איבער לענדער און וויטקייטן, וואָס יעדע פון זיי פאַרמאָגט גאָר אַנדערע, ספּעציפישע באַדינגונגען און סיטואַציעס. האָבן מיר דעריבער כסדר צופלוסן און אָפּפלוסן, אויפגאַנגען און אָפּגאַנגען, ירידה און אויפקום אין איין און

אין דער זעלביקער צייט. עס קומען אויך קעגנזייטיקע השפעות פון דער יידישער ליטעראַטור פון אַ צווייטן לאַנד. השפעות, וואָס זענען אויבנאויפיק אפשר גאָר נישט קאָנטיק. און ווען עס איז געוואָרן ענג די לופט אַרום, האָבן זיך יידישע שרייבער אַוועקגעלאָזט אין געשיכטלעכע מרחקים, גע־נומען אויפגראָבן און באַלעבן תקופות פון דער רייכער און הערצאַישער יידישער געשיכטע, וואו מען האָט געפונען ענלעכע פּאַסירונגען, נאָענטע געראַנגלענישן צו אונזער איצטיקער צייט.

עס איז גוט באַקאַנט דאָס וואָרט „דור דור וסופריו" — יעדער דור רוקט אַרויס זיינע שרייבער.

עס זענען דאָ שרייבער, וואָס זיי און זייערע ווערק געהערן בלויז און דורכאויס צו איין דור, צו איין באַשטימטן צייט־אָפּשניט. אָט די שרייבער זענען ווי דער לעבעדיקער אויסדרוק פון אַ באַשטימטער תקופה, פון אַ באַשטימטן פּעריאָד אין לעבן, אין געשיכטלעכן גאַנג פון די אַרומיקע געשעענישן. אָט די שרייבער שאַפן איין אָדער עטלעכע ווערק, וואָס טראָגן דורכאויס אויף זיך דעם שטעמפּל פון אָט־דער צייט, פון אָט־דער תקופה. אָט די שרייבער לעבן זיך אָפּ אויס אין די־אָ ווערק. געקומען, אָפּגעזונגען, אויסדערציילט — און פאַרטיק. זיי קאָנען זיך נישט איינלעבן מער אין אַן אַנדער צייט, אין אַן אַנדער אַטמאָספער. מעגן זיי דערנאָך יאָרן און יאָרן לעבן, אָבער זיי האָבן ווי אַנגעוואוירן זייער „שטי־מע", זיי זענען מער נישט בכוח צו זינגען. אין דער יידישער ליטעראַטור, ווי אין די אַלע אַנדערע ליטעראַטורן, האָבן מיר זייער באַגאַבטע, זייער עמפּינדלעכע שרייבער, וואָס האָבן אַלע געהאַט אָפּצושפּילן איין ראָלע אין דער ליטעראַטור, אָפּגעשפּילט און אַן עק. קיין אַנדערע ראָלן זענען זיי נישט בכוח צו שפּילן. מיט דעם איין ווערק אָדער מיט די פּאָר ווערק האָט זיך אַלץ אין זיי אויסגעשעפּט. די צאָל אין דער יידישער ליטעראַטור פון אַזעלכע צייט־ און פּעריאָד־שרייבער איז געוואָג גרויס. זיי גייען אַרום צווישן אונז, זיי זענען דאָ אין פּוילן, זיי לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד, זיי לעבן אין ארץ־ישראל, און זענען מער נישט שעפעריש, מער נישט טעטיק. און פּרואוון זיי אַמאָל שרייבן, איז עס ווי אַ ווייטער, פאַרהילכטער אָפּקלאַנג פון אַמאָל, פון אַמאָליקע, פון אייגענע, לאַנג־פאַרגאַנגענע צייטן.

דערפאַר אָבער האָבן מיר אין אונזער ליטעראַטור אַ גרויסע צאָל שריי־בער, וואָס זייער אָנהייב, זייער יחוס־בריוו ציט זיך נאָך פון דעם צווייטן דור, פון אָנהייב דעם 20טן יאָרהונדערט, און זיי זענען אַלץ אַקטיוו־שעפעריש און פּראָדוקטיוו און זיי פאַרעפנטלעכן ווערק, וואָס עס פילט זיך אין זיי דער צאַפּל פון דער איצטיקער צייט. אָט די שרייבער האָבן אַדורכשפּאַצירט איבער דורות, איבער דעם צווייטן, דריטן, פערטן דור

און זיי זענען פון די אַקטיוו־שאַפערישע אויך אין דער איצטיקער צייט, ווען מיר האָבן פאַר זיך שרייבער און ווערק פון דעם פינפטן דור.

און דעריבער, ווען מיר האַלטן זיך בלויז ביי דער פאַנאַנדערטיילונג אויף ד ו ר ו ת, שטייען מיר אָפט ביי גרויסע שוועריקייטן און פלאָנ־טערנישן.

קומט אויס, אַז מען דאַרף טיילן די ליטעראַטור און אירע שרייבער נישט בלויז אויף ד ו ר ו ת, נאָר אויך אויף ת ק ו פ ו ת. דאָס וועט פאַרלייכטערן די באַצייכענונגען און וועט קלאָרער מאַכן די הויפּט־שטריכן פון יעדע תקופה באַזונדער, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דער אָדער יענ־ער שרייבער, געהערט לויט זיינע יאָרן און לויט זיינע ווערק צו אַן אַנ־דער דור, אַ דור, וואָס זיין אָנהייב און אויפקום געהערט נאָך צו 30־40 יאָר צוריק. „אין מוקדם ומאוחר בתורה" — קאָן מען זאָגן אויך אויף דער ליטעראַטור, — עס איז נישטאָ קיין פריער און קיין שפּעטער, ווייל אָפט קאָנען ה י י נ ט צ י י ט י ק ע שרייבער קומען מיט גאַנץ־אַלטע פאָרמען און מיט אַ פאַרעלטערטן אינהאַלט און פ ר י ע ר ד י ק ע שריי־בער קומען מיט גאָר־נייע צאַפּלדיקע ווערק, וואָס כאַפּן אויף דעם ציטער, דעם אומרו, דעם אויפבליץ פון דער לעצטער שעה, פון דעם איצטיקן מאָמענט.

עס וואָלט אונז ווייט פאַרפירט, ווען מיר גייען נאָך שריט נאָך שריט נאָך די ווערק פון די פאַרשיידענע עלטערע יידישע שרייבער, וואָס זענען טעטיק אין דער יידישער ליטעראַטור דריי־פיר צענדליק יאָר און אַרויס־אַנטפּלעקן ביי זיי און אין זייערע ווערק צייט־מאָטיוון, נייע טענער, נייע געזאַנגען, נייע געראַנגלענישן און פּראָבלעמען, וואָס האַלטן ערשט אין יוירן און האָבן זיך נאָך ווייט נישט איינגעשטעלט, אָפּגעשטעלט. מיר קאָנען אָפט אויף איין שרייבער, וואָס איז שאַפעריש און טעטיק אַ דריי־פיר צענדליק יאָר, זען די קאַרבן פון די אַלע פּעריאָדן אין יידישן לעבן, די אַלע שניטן, וואָס די צייט האָט געמאַכט אויף אים, און ווי מיר דער־קענען אַ בוים לויט זיין שטאַם, לויט דעם אָנוואוקס פון די רייפן קאָרע, אַזוי קאָנען מיר אַרויסגעפינען לויט די ווערק פון באַוואוסטע שרייבער דעם גאַנג פון די לעצטע צענדליקער יאָרן, פון די דורות, וואָס גייען אַוועק און קומען אין יידישן לעבן, אין דער יידישער ווירקלעכקייט.

מוזן מיר דעריבער אָפט, ביים אונטערפירן אַ סך־הכל צו אַ געוויסן פּעריאָד אין דער יידישער ליטעראַטור — נעמען אין אַכט נישט בלויז די פאַנאַנדערטיילונג אויף דורות, נאָר אויך די פאַנאַנדערטיילונג אויף תקופות. דאַן וועט אונז אויסקומען, ביים דערנענטערן זיך צו אַ שרייבער, ביים פאַרטיפן זיך אין זיינע ווערק, אַרויסנעמען אים, דעם שרייבער, פון

איין דור און אַריינברענגען אים אין אַ צווייטן דור. אָדער אויסטיילן פּאַר אים אַן אָרט צווישן איין דור און אַ צווייטן. — וועט, הייסט עס, אויסקומען, אַז מיר האָבן שרייבער פון איבער דורות, ווייל צוליב זייער שטענדיקער דינאַ־מישקייט און אַנטוויקלונג געהערן זיי צו עטלעכע דורות איינאיינעם גע־נומען, אָדער ריכטיקער — זיי שפּיגלען אָפּ אין זייערע ווערק אייניקע תקופות אין יידישן לעבן פאַר די לעצטע צענדליקער יאָרן.

## VI

איידער מיר טרעטן צו אויפצונעמען די באַזונדערע כאַראַקטער־שטריכן און אייגנשאַפטן פון דעם צווייטן דור שרייבער, וואָס איז אויפגעקומען אָנ־הייב 20טן יאָרהונדערט און זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן אין די יאָרן נאָך דער רוסלענדישער רעוואָלוציע פון 1905־1906, וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אויף די צוויי, גאַנץ באַזונדערע שטראָמען אין דער יידישער ליטעראַטור: פון איין זייט—וואָס קומט פון מענדעלע און שלום־עליכם און דער צווייטער, וואָס גייט פון פּרצן. עס זענען צוויי שיטות, וואָס זענען אפשר אין זייער צייט ניט אַזוי קלאָר און אויסגעשפּראָכן געווען, אָבער זיי האָבן זיך שאַרפער אויסגעקריסטאַליזירט אין דעם ווייטערדיקן וואוקס פון דער יידישער ליטע־ראַטור.

אין די הונדערטער אַרטיקלען און דעראינערונגען וועגן מענדעלע, שלום־עליכם און פּרץ זענען אויף פאַרשיידענע אופנים באַרירט געוואָרן אָט די צו־זאַמענהאַנגען און ווידעראַנאַנדן, וואָס זענען דאָ צווישן אָט די דריי יידישע קלאַסיקער, די גרונטלייגער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. עס איז אַן אַרבעט פון אַ באַזונדערער גרינטלעכער פאָרשונג נאָכצופאָלגן די באַזונ־דערקייטן, וואָס יעדער אייגער פון אָט די דריי שרייבער האָט אַרויסגעבראַכט אין זיינע ווערק און די השפּעות אויף די ווייטערדיקע יידישע שרייבער. נישט איינער איז צוגעגאַנגען צו אָט דער פראַגע לייכט און לייכטזיניק און בעיקר געפּרואווט מאַכן צו „קליין געלט" פּרצעס השפּעה אויף זיינע מיטצייטלער און דערפירט עס בלויז צו „רבישע טישן", צו פּרצס קאַפּריזן, בלויז צו פּרצס שוואַכקייטן.

עס איז אָבער קיין ספק נישט, אַז פּרץ, מער ווי מענדעלע און מער ווי שלום־עליכם, האָט אינספּירירט, אַרויסגערופן רייץ און געהאַט אַ דירעקטע שאַפערישע השפּעה אויף דעם וואַקסנדיקן דור שרייבער. מענדעלע איז גע־ווען פאַררוקט אין זיין אדעסער תלמוד־תורה, שלום־עליכם האָט געלעבט אין דעם רוסיפיצירטן קיעוו און נאָך זיין פּרוואוו אַרויסצוגעבן, אין 1888־1889, זיין „יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק", האָט ער זיך צוריקגעצויגן

פון אַ דירעקטן, שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער ייִנגערער שרייבערישער סביבה, פּרץ אָבער האָט זינט 1888 געלעבט אין דער ייִדישער מעטראָפּאָליע, וואַרשע, זינט דאַן איז ער געווען און וואָס ווייטער אַלץ מער געוואָרן דער מיטלפּונקט, דער פאָטער פון די וואַקסנדיקע ייִדישע שרייבער.

און נאָך: מענדעלע און שלום־עליכם האָבן געלעבט און זיך אויסגע־לעבט אין זייערע איבעווייניקסטע וועלטן. זיי זענען געווען צופּיל און שטענ־דיק פאַרטאָן אין זייער מיליע, און פּרץ אַליין האָט זיך געניוטיקט אין אַלץ נייע השפּעות, אין אַלץ נייע באַגעגענישן. יעדער נייער שרייבער איז גלייכ־צייטיק געווען פאַר פּרצן אַן אָנרעגער, אַ אָנזאָגער פון עפּעס נייעס.

ה. ד. נאָמבערג, אַ מקורב צו פּרצן זיינע לעצטע 18 יאָר, זאָגט אין זיין אַרטיקל איבער פּרצן: „...פּרץ איז דער פירער פון דער תקופה, ריכטיקער וועט זיין צו זאָגן: דער מיטלפּונקט פון דער תקופה, אַ צענטער פון השפּעות. אַלץ שפּיגלט זיך ביי אים אָפּ און שטראַלט צוריק, אַזוי ווי אַ ברען־גלאָז. ער איז נאָך קיין גרינדער פון אַ ליטעראַרישער שולע, ווייל ער איז ביז צום לעצטן טאָג פון זיין לעבן געווען אַ זוכער און אַ שטרעבער, ער האָט שטענ־דיק איבערגעשפּרונגען פון סטיל צו סטיל. דער ליטעראַרישער דור אָבער, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום אים, זיינע תלמידים, זענען נאָך געגאַנגען אין זיינע דרכים. כמעט יעדער פון זיי האָט זיין אויסגעטראָטענעם וועג, זיין געביט און זיין סטיל. פּרץ איז געווען — אַ פאָטער פון אַ ליטעראַרישער משפּחה" („פעליעטאָנען", וואַרשע, 1924, ז' 170).

מיר האָבן שוין זיך אָפּגעשטעלט אויף דער השפּעה פון פּרצן אויף איי־ניקע שרייבער און בעיקר אויף שלום אַש. מען וואָלט געקאָנט ברענגען פּיל אויסצוגן פון פאַרשיידענע שרייבער, וואָס זענען געווען יאָרנלאַנג אונ־טער דער דירעקטער השפּעה פון פּרצן.

אָט דערציילט י. אָפּאַטאָשו: „...וויפּיל ליבע און דרך ארץ בית־המדרש־בחורים האָבן צו ייִדישע שרייבער? פּונקט ווי חסידים שמועסן מיט יראה וועגן זייערע רביים, אַזוי שמועסן די בית־המדרש־בחורים מיט ליבע און גלויבן וועגן די ייִדישע שרייבער. יעדער שרייבער ווערט אין אַ פּויליש שטעטל נאָך ביי זיין לעבן פאַרוואַנדלט אין אַ לעגענדע. די טאַטעס זיצן אויף די קלעצער, וואָס זענען צעוואָרפן אין הויף פון „שטיבל" און שמועסן מיט גרויס כוונה, פּיל מאָל מיט אַ ברען, פון אַ קאָצקער, פון גערער, און די זין שפּאַצירן אַרום שטאָט־גאָרטן אין ברייטע שורות און מיטן זעלבן ברען און ליבע שמועסן זיי וועגן פּרצן, אַשן און נאָמבערגן"...

י. אָפּאַטאָשו שרייבט:

„פּרץ איז געווען דער ערשטער ייִדישער קינסטלער ביי וועמען מען האָט געקענט עפּעס לערנען און מען לערנט ביי אים נאָך היינט. אָן פּרצן

וואָלטן מיר געהאַט אַן אַנדער ליטעראַטור. אין פּרצס דרכים גייען נאָך ביזן היינטיקן טאָג, יעדער אויף זיין שטייגער, די באַדייטנדיקע יידישע שרייבער".

די פאַרערונג פאַר פּרצן, די פּיעטעט פאַר זיין גייסט, דער יראת־הכבוד פאַר זיין שאַפן און פאַר זיין פערזענלעכקייט האָט ניט איין מאָל אַרויסגערופן שטאַרקע קעגנעריי און פאַרביטערונג. און די התנגדות, ווי די פאַרהער־לעכונג, איז געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקע, געקומען פון פאַרשיידענע זייטן און צוליב פאַרשיידענע מאָטיוון.

מען האָט פאַרזען די נאַטירלעכע און אָרגאַנישע צוגעבונדנקייט צו פּרצן און פאַלש אויסגעטייטשט די פּיעטעט פאַר פּרצן וואָס איז געווען ביי דער יידישער יוגנט אין יענער צייט. י. ד. בערקאָוויטש גיט איבער איינעם אַ גע־שפּרעך צווישן שלום־עליכם און בעל־מחשבות, ביי וועלכן ער איז בייגעווען (אין ווילנע, 1905): „בעל־מחשבות האָט אַ פרעג געטאָן שלום־עליכמען אין אַ שפּאַס: צי וויל ער גאַרנישט שאַפן אַרום זיך אַ „שולע" פון יונגע בע־לעטריסטן, וואָס זאָלן גיין אין זיינע וועגן?" דערויף האָט שלום־עליכם גע־ענטפערט: „ניין! איך בין ניט קיין גוטער ייד און האַלט ניט פון פּראָווען טישן און וויל ניט, אַז חסידים זאָלן פון מיר כאַפּן שיריים. איך לאָז איבער די אַרבעט פאַר פּרצן!"... י. ד. בערקאָוויטש גיט איבער, וואָס שלום־עליכם האָט דאַן געזאָגט: „פּרץ פּראָוועט טישן, ווייל ער איז אין גרונט מער חסידי־שער רבי ווי שרייבער. און ניט פון אונזערע פשוטע וואָלינער גוטע יידן, ווי אַ שפּאָלער זיידע, אָדער אַ רבי לוי יצחק באַרדיטשעווער, וואָס זענען אַליין געווען פאָלקס־מענטשן און דאָס פאָלק האָט זיי פאַרשטאַנען, נאָר פון דעם פּוילישן טיפּ — אַ מין גערער. ער איז אַ בעל־גאווה קעגן פאָלק, האַלט זיך מיטן פאָלק מעשה פּריץ, רעדט מיט אים ניט אויף זיין שפּראַך, נאָר זאָגט פאַר אים „תורה" — פול מיט כוונות, מיט רמזים, מיט פּינטעלעך... רינגלט זיך אַרום מיט יונגעלייט־חסידים, צווישן זיי אַ סך גאַרנישטן, פליאָס־קעדריגעס, וואָס באַמקען־צו צו יעדן האַלבן וואָרט זיינעם, קומען אַריין אין קעלבערנע התפעלות פון יעדן וואונק זיינעם, פון יעדן קנייטש מיטן ברען: „אי־אי, פלאי פלאים!"... פאַר דער יונגער יידישער בעלעטריסטיק איז עס אַ געפאַר, וואָס פּרץ ווערט איר וועגווייזער, ווייל ס'איז נאָך אַ ספק, צי פּרץ אַליין איז אַ בעלעטריסט. אַ וועגווייזער מעג זיין אַזאַ ווי טאָלסטאָי, אַזאַ ווי טשעכאָוו, וואָס מאַכן ניט קיין אָנשטעלן, שרעקן נישט דעם עולם מיט זייער טיפער חכמה, וואָס מען דאַרף האָבן אַ זכיה זי צו פאַרשטיין... פון פּרצעס „טישן" און פון פּרצעס „תורה" וועלן ביי אונז נאָר אַרויסוואַקסן לי־טעראַרישע פליאָסקעדריגעס". („שלום־עליכם בוך", ז. 158־159).

אָט די טענות און פאָרוואורפן אויף פּרצעס אַדרעס האָבן נישט אויפ־

געהערט אין פֿאַרשיידענע צייטן. מען האָט געגומען פֿאָדערן אַ רעוויזיע, אַן איבערשאַצונג פֿון פּרצן און זיין אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור.

„אַ רעוויזיע פֿון פּרצעס פֿאַרנעם אין דער יידישער ליטעראַטור איז די היסטאָרישע אויפֿגאַבע פֿון דער מאָדערנער קריטיק, — שרייבט מ. גראָס, וואָס האָט זיך פֿאַרמאָסטן אַראָפּצורייסן די קרוין פֿון פּרצן. — „דער גאַנצער לעבעדיקער אָרגאַניזם פֿון דער יידישער ליטעראַטור — זאָגט ער — האָט נישט געקאָנט פֿאַרדייען די אינטעליגענטישע מוח־אויסטריקעניש פֿון זיינע (פּרצעס) ליטעראַרישע הלוואות, די קונציק־געמאַכטע פּאָעטישע סוראגאטן, מיט וועלכע ער האָט פֿאַרמוטשעט איר געזונטע נאַטירלעכקייט און אין וועלכע דאָס פֿאָלק האָט נישט געוואָלט אַריינלייגן אַפֿילו אַ ברעקל גייסטיקע ענערגיע“...

דאָ איז אין אַ נייער אויפֿלאַגע איבערגעחזרט דאָס, וואָס דוד פֿרישמאַן האָט נישט אויפֿגעהערט צו שרייבן וועגן פּרצן.

אין 1894 האָט דוד פֿרישמאַן, אונטערן פּסיידאָנים אברהם גאָלדבערג, אַרויסגעלאָזט צוויי ביכלעך פּאַשקווילן אויף פּרצן און אויף זיינע ווערק. ער מאַכט נאָך פּרצעס לידער און קאַרגט נישט דערביי קיין זידלערייען אויף פּרצן. און צווישן אַנדערן שרייבט פֿרישמאַן אָט וואָס : „ווען מען זאָל קלאָר שרייבן, וועט מען דאָך זען, וואָס פֿאַר אַ מין שלאַק רחמנא ליצלן דער שריי־בער איז ; ווען מען שרייבט אָבער, אַז קיינער זאָל נישט פֿאַרשטיין, קאָן דאָך איינער פֿאָרט מיינען, אַז דאָרט איז מי־יודע וואָס פֿאַר אַ טיפֿע חכמה פֿאַרשטעקט . . . און דאָס וויל זיין אַ טאַלאַנט ? דאָס וויל זיך אָנרופֿן אַ פּאָעט, וויל הייסן אַ שריפֿטשטעלער ? זיך חכמהנען און המצאהנען און שפּאַסן מיט גלייכווערטלעך זאָל הייסן גייסטרייך זיין ?“

דוד פֿרישמאַן וויל גאָר נישט אַריינגעמען פּרצן אין דער גרופּע פֿון יענצייטיקע שרייבער. נאָך דעם ווי ער ברענגט אייניקע אויסצוגן פֿון פּרצעס ווערק, רופֿט ער אויס : „ווי נידעריק די זשאַרגאָן־ליטעראַטור זאָל ניט זיין געשטאַנען, עס איז פֿאָרט געווען אַמאָל צייטן, וואָס אַזעלכע שרייבער (ווי פּרץ — נ. מ.) זענען גאָרנישט מעגלעך געווען. עס איז פֿאָרט געווען אַ מענ־דעלע מוכר ספֿרים, אַ שלום־עליכם, אַ פּרוג, אַ ספּעקטאָר, אַ גאָלדפֿאַדען, א לינעצקי, א גאָטלאָבער, אַ צווייפֿל, וואָס אַז זיי פֿלעגן רעדן האָט דאָס פּובלי־קום פֿאַרשטאַנען וואָס מען רעדט צו אים“...

אָבער דאָס זענען סוף כל סוף איינצלנע שטימען, וואָס זענען געריכטעט קעגן פּרצן און זיין גוואַלדיקער השפּעה אויף די אַלע ווייטערדיקע יידישע שרייבער. פֿיל יידישע שרייבער האָבן צו פֿאַרדאַנקען פּרצן, וואָס ער האָט

זיי אָנגערעגט פאַר נייע אַספּיראַציעס, וואָס ער האָט זיי אַרויפגעפירט אויף נייע שאַפערישע וועגן.

## VII

דער לעבעדיקער, רייצנדיקער און אָנרעגנדיקער קאָנטאַקט פון פּרצן מיט די אַנדערע שרייבער פונעם צווייטן דור קומט אויך פון דעם, וואָס פּרץ אַליין האָט נישט אויפגעהערט אויפצונעמען אויף זיך השפעות פון פאַרשיידענע זייטן. אַ דורשטיקער האָט ער אַליין געטרונקען פון די קוואַלן, וואָס האָבן גלייכצייטיק אויך באַפרוכפּערט די יינגערע שרייבער.

אין דער צייט, וואָס מענדעלע האָט שוין אַ לענגערע צייט ווי פאַר־חתמעט זיין שאַפערישע וועלט און יאָרנלאַנג האָט ער זיך געוואַרימט ביי זיינע אייגענע פייערן, וואָס ער האָט אָנגעצונדן מיט יאָרן צוריק, אין דער צייט, וואָס שלום־עליכם איז געווען פאַרטאָן אין דער וועלט פון זיינע פאַר־שוינען־געשטאַלטן, וועלכע ער האָט מיט זיך מיטגענומען פון קאַסרילעווקע און יעהופּעץ, האָט פּרץ געהאַלטן אין איין קלעטערן און אין איין זוכן און אין איין נישטערן. אָט איז עס געווען די אַרבעטער־באַוועגונג, אָט די חסידי־שע מעשה, אָט דאָס פאָלקס־ליד און אָט גאָר דער מאָדערניזם. און פּלוצים קומט דער יונגער מאַקסים גאָרקי און צינדט אָן פּרצן פאַר נייעם עקסטאַז.

עס דערציילט ה. ד. נאָמבערג, ווי פּרץ „איז געווען דורכגעזאַפּט מיטן טיפסטן פּעסימיזם, מיט אַן עקל צום לעבן". דאָס איז געווען אין די לעצטע יאָרן פונם 19טן יאָרהונדערט, ווען נאָמבערג איז אַראָפּגעקומען קיין וואַרשע, איידער פאַר פּרצן האָט זיך אַנטפּלעקט דאָס יידישע פאָלקס־מעשהלע, וואָס פון דעם האָט ער דערנאָך געשאַפן זיינע פאָלקסטימלעכע געשיכטן. „פּרץ — דערציילט נאָמבערג — איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפעה פון אָט דעם „מאָדערניזם" ווי יעדער דעמאָלט. אָבער דערין — זאָגט נאָמבערג — צייכנט זיך אויס פאַר אונדז דער מהות פון פּרצן, זיין איבערלעך וועזן, וואָס ער טרייסלט זיך אָפּ פון איר ביי דער ערשטער מעגלעכקייט". נאָמבערג גיט איבער, ווי פּרץ „האָט זיך געראַנגלט מיט דער מאָדערניסטישער ווירקונג, ווי איינער, וואָס ראַנגלט זיך מיט פינצטערע כוחות. אין דער טיפעניש פון זיין נשמה האָט ער נישט געקאָנט סובל זיין דעם הויך פון טויט און צע־לייגונג, וואָס האָט זיך געטראָגן פון יענער ריכטונג. ער איז איבערלעך געווען פרעמד און ווייט דערפון"...

און דאָס מערקווירדיקע איז, וואָס מאַקסים גאָרקי, וועלכער האָט זיך דאַן ערשט באַוויזן אין דער, אין אַלגעמיין, דערדריקטער רוסישער ליטעראַ־טור מיט זיינע קרעפטיקע, פּולבלוטיקע און בונטאַרישע דערציילונגען און מיט פאַרהערלעכונג און יראת־הכבוד פאַר דעם מענטש, — מאַקסים גאָרקי

האָט אַרויסגעהאָלפֿן פּרצן אַרויסצובאַפֿרייען זיך פֿון דער שווערער פֿאַר־צווייפֿלונג, פֿון דער אינעווייניקסטער מידקייט. באַמבערג שרייבט: „איך האָב נאָך אין מיין לעבן נישט געזען אַ גרעסערע אַנטציקונג, אַ גרעסערן גייס־טיקן נחת ווי דעם וואָס פּרץ האָט געהאַט פֿון דעם ביכל (גאָרקיס דערציי־לונגען). די אויגן האָבן אים געשיינט, בשעת ער האָט גערעדט דערפֿון... מאַקסים גאָרקיס נאָוועלן זענען דעמאָלט פֿון דער גאַנצער אינטעליגענץ אויפֿגעכאַפּט געוואָרן אַלס אַ צוריקגאַנג צו אַ געזונטן קרעפֿטיקן אָפּטימיזם, אַלס אַ רוף צום לעבן... דאָס קליינע ביכל איז געקומען אַזוי צו דער צייט, האָט באַפֿרייט אים פֿון אַ שווערן קאָשמאַר".

עס איז גוט באַקאַנט די שטאַרקע השפּעה פֿון דעם פּוילישן וויספּיאַנסקי אויף פּרצן, און די באַענטשאַפֿט צווישן וויספּיאַנסקיס דראַמאַטיש שאַפֿן „וועסעלע" מיט פּרצעס דראַמאַטישע ווערק. עס איז אויך קיין שום ספק נישט, אַז מיכה יוסף בערדיטשעווסקי, איבערהויפּט זיינע חסידישע מעשיות, האָבן באַווירקט פּרצן, אים דערנעענטערט צום מקור פֿון חסידות, אַנטפּלעקט פֿאַר אים די נשמה פֿון חסידות. ווייל פּרץ גופֿא, ווי באַוואוסט, האָט אויף זיין לעבן קיין רבין אין זיינע אויגן נישט אָנגעקוקט.

פּרץ האָט כּסדר אויפֿגענומען און אַדורכגעפֿיבערט די השפּעות פֿון דער מאָדערנער אייראָפּעאישער און העברעאישער ליטעראַטורן. איז דעריבער געווען אַ באַענטערע איבעווייניקסטע שייכות און קאָנטאַקט צווישן אים און די ייִנגערע שרייבער, וואָס זענען געקומען אָנהייב 20טן יאָרהונדערט און אין די יאָרן נאָך דער רוסלענדישער רעוואָלוציע. האָבן דאָך די זעלבע אידעען און שטימונגען געהאַט אַ שטאַרקע השפּעה אויף די ייִנגערע שרייבער פֿונם צווייטן און דריטן דור.

אין אַן אַרטיקל וועגן י. ל. פּרץ דערציילט פּרץ הירשביין וועגן זיינעם אַ לענגערן שמועס מיט פּרצן. פּרץ האָט אויסגעפֿרעגט הירשביינען וועגן זיין היים, וואָס האָט זיך געפֿונען ווייט פֿונם שטעטל, וועגן דער מיל, וואָס האָט געקלאַפּט ביינאַכט. הירשביין ענטפֿערט אויף פּרצעס פֿראַגן. — „האָט איר מורא געהאַט?" — פֿרעגט פּרץ. „אַזוי זיך — ענטפֿערט הירשביין — געווען אומהיימלעך!" און פּרץ זאָגט צו הירשביינען:

— האָט איר געלעזן מעטערלינקן? יאָ. ווייסט איר, אַז די ווענט האָבן אויערן און אַז די שטילקייט קאָן רעדן, און אַז אונזער שיקזאַל פּלאָנטערט זיך אַרום הינטערן פֿענצטער און וועבט שרעק פֿאַר אונזער לעבן — אונזערע ווייסן עס ניט. גייען אום מיט שווערע טריט אין דער ליטעראַטור".

און הירשביין גיט צו: „יאָ, אים האָט עס געגרילצט. ווארום ער (פּרץ) אַליין איז געווען אַ קינד פֿון אונזער צייט, אַזוי גוט ווי מעטערלינק. ס'איז געקומען צו רייטן אַ שד אויף אַ בעזעם און האָט אַראָפּגעדרייט די לאָמפּן

פונם 19טן יאָרהונדערט, געלאָזן אונז אין דעם ליכט צווישן טאָג און נאַכט און דעריבער גרילצט אונז אונזער אייגענע שטימע. דעריבער קריכן סודות דורך די שפּאַלטן צו אונז אין שטוב אַריין און דער העגגליכטער פון סטעליע רעדט צום לייטער, וואָס שטייט אונטערן פענצטער אָנגעשפּאַרט אָן דאַך״...
(זשורנאַל ,,אונזער באַוועגונג״, ז׳ 9).

פּרץ הירשביין דערציילט וועגן איינער אַ באַגעגעניש אַוונט־צייט אין אַ קאַפע. אַ נאַכט פריער האָט פּרץ קיין אויג נישט צוגעמאַכט, געזעסן ביים שרייבטיש און געאַרבעט אויף אַ נייעם וואַריאַנט פון זיין „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״. הירשביין דערציילט: „די אויגן זיינע בליצן, די באַוועגונג אַזוי גרינג, און דער קופּער־קאָליר פון פּנים שיינט״. און הירשביין פרעגט:

— „ווער פון וועמען איז מיט דרייסיק יאָר עלטער? לויפט דורך אַ גע־דאַנק: פאַרליבט איז די יוגנט, און מיט אומעט איז די עלטער!״

אַזאַ איז געווען דער איינדרוק פון פּרץ אויף די יונגע שרייבער. „ביי מענדעלע און שלום עליכמען האָט מען געקאָנט לערנען, מיט פּרצן האָט מען דאַן געאָטעמט!״ — גיט צו פּרץ הירשביין.

די דירעקטע ווירקונג פון שלום־עליכם אויף די ייִנגערע שרייבער איז געווען פיל וויניקער ווי פּרצעס. עס זענען געווען בלויז איינצלנע פאַלן, ווען שלום־עליכם האָט זיך פאַראינטערעסירט מיטן גורל פון אַ ייִנגערן שרייבער. י. ד. בערקאָוויטש, וואָס טרעט אַזוי שאַרף אַרויס קעגן פּרצעס „פּראָווען־טישן״, שרייבט אין זיין אָפּהאַנדלונג ,,מיט דער משפּחה פון שריפטשטע־לער: „צו די שריפטשטעלער פון דעם ייִנגערן דור, צו די, וואָס זענען אויפגעגאַנגען אין אָנהייב פונם הייַנטיקן יאָרהונדערט, האָט שלום־עליכם זיך באַצויגן מיט פאָטערלעכער אויפמערקזאַמקייט. כאָטש ער האָט ניט גע־פירט קיין ,,טישן״ אַזוי ווי פּרץ (דאָס וואָלט זיך גאָרנישט געפּאַסט צו זיין גאַנצן וועזן), פלעגט ער אָבער פּריוואַט, דורך בריוו, אויף אַ פּשוטן גוטברו־דערלעכן שטייגער, גאַנץ אָפט אויפמונטערן אַן אָנפאַנגער, אין וועמען ער האָט דערפילט דעם אמתן פונק... דערביי פלעגט ער אַרויסבאַווייזן אַ פיין־פילינדיקן חוש און אַ קלאָרן אַנאַליטישן פאַרשטאַנד אין שייכות צו יענעמס ווערק (דערהויפּט רעאַליסטישע), סיי אין ענינים פון סטיל, סיי אין פּרטים פון פּסיכאָלאָגישער אויפפּאַסונג״.

אָבער מען מוז קאָנסטאַטירן, אַז בלויז אין די יאָרן פון זיין אַרויסגעבן די זאַמלביכער „די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק״ און זיין פאַרעפנטלעכן דעם „שמ״ר־משפּט״ (1888־1889) האָט שלום־עליכם אַרויסבאַוויזן אַ שטאַרקן ווילן אויפצוזאַמלען אַרום זיך די אַלע עלטערע און ייִנגערע שרייבער און שפּעטער אָבער איז שלום־עליכם געווען אינגאַנצן, ראשו ורובו, פאַרטאָן אין זיך.

. . . . . . . . . . .

אַט זאָגט פּרץ הירשביין אין זיין אַרטיקל „פּרייד און טרויער" („יידישע קולטור" 1939, נ' 6): „שלום־עליכם מיט זיין באַוואוסטזיין האָט אין זיין צייט ניט שטאַרק באַווירקט. זייער אָפט האָט מען אין יענע יאָרן געקענט הערן אַ מיינונג, וואָס קלינגט היינט אַזוי אומנאַטירלעך: מיינט איר, אַז שלום־עליכם איז אַ גרויסער שרייבער? מיינט איר, אַז פון אים קאָן מען לערנען?" (ז' 19).

שלום־עליכם איז זיך געגאַנגען מיט זיין אייגענעם שליאַך, מיטן דרך המלך, און די זייטיקע שטעגן זענען געווען אים פרעמד. זאָגט טאַקע י. ד. בערקאָוויטש, אַז „דערהויפּט איז אים געווען פריקרע די „מצווה" פון מאָדערניזם אין אונזער אייגענעם ליטעראַרישן ווינקל. די באַמיאונגען פון אייניקע יונגע שריפטשטעלער צו באַווייזן זיך „קאַפּויר", האָבן ביי אים אַרויסגערופן אַ ווידערגעפיל". „ער האָט געהאַלטן, אַז די יידישע ליטעראַטור איז קודם כל אַ פאָלקס־ליטעראַטור, וואָס קאָן וואַקסן נאָר מיטן וואוקס פונם פאָלקס־לעזער, און אויב די שרייבער וועלן נעמען שרייבן דעם פאָלק „אויף צו להכעיס", וועלן זיי סוף כל סוף בלייבן אַליין, אָן לעזער — די לעזער וועלן, באין ברירה, זיך אומקערן צוריק צו שמר'ן" . . . (ש"ע־בוך, ז. 188).

אָבער שלום־עליכם האָט פאַרזען, אַז צו דער יידישער ליטעראַטור זענען פאַר די יאָרן צוגעקומען אויך נייע אינטעליגענטע לייענער, לייענער, וואָס האָבן אַליין אַדורכגעמאַכט די שטימונגען און איבערלעבענישן פונם מאָדערנעם מענטשן, און ס'איז כלל נישט געווען געבאָרגט אין דער פרעמד, נאָר עס איז געווען טיף־אייגנס.

ס'איז געגאַנגען אַזוי ווייט מיטן באַקעמפן די נאַטירלעכע השפעות פון דער וועלט־ליטעראַטור, אַז לעאָ קעניג האָט אין אַן אַרטיקל „ש. אַש און ד. בערגעלסאָן" געמאַכט אַזאַ מין אויספיר: „אַש שפּינט ווייטער דעם פאָדעם פון דער נאַציאָנאַלער גאָלדענער קייט, און בערגעלסאָן אַלס קינסטלער איז, דאַכט זיך, געקומען צו אונז פון דער פרעמד, און אָפט שיינט מיר, דאָס ווען ער זאָל זיינע ווערק שרייבן אין רוסיש, וואָלטן זיי גאַרנישט פאַרלוירן, און ווער ווייסט — אפשר וואָלטן זיי דערמיט אויסגעשפּילט".

דאָס איז געשריבן געוואָרן אין 1916, ווען דוד בערגעלסאָן האָט שוין געהאַלטן נאָך זיין טיף־אייגנאַרטיקן יידישן ראָמאַן „נאָך אַלעמען!"

ווען מיר רעדן וועגן השפעות אויף די ייִנגערע שרייבער און באַרירן אויך די השפעות אויף פּרצן, דאַרפן מיר אויך זוכן וועגן און שטעגן, וואָס קומען פון דער העברעאישער ליטעראַטור און בעיקר פון מ. י. בערדיטשעווסקי, א. נ. גנעסין, י. ח. ברענער.

י. אָפּאַטאָשו האָט אין אַ בריוו צו מיר, מיט עטלעכע יאָר צוריק, געשריבן, אַז אַ צייט איז ער געווען פאַרליבט אין בערדיטשעווסקין, אים געקענט אויף

אויסוויינִיק. „אַט די שוואַכקייט צו בערדיטשעווסקין איז פאַרבליבן ביי מיר ביז אויף היינט צו טאָג, הגם איך האָלט פון אים אַ סך ווינציקער ווי אַמאָל. עס האָט געוועקט אַכטונג און פיעטעט דאָס קינסטלערישע, וואָס איז פאַרפלאָכטן מיט פילאָסאָפישן". און אָפּאַטאָשו גיט צו אין בריוו, אַז „אין יענע יאָרן זענען פאַר אים מענדעלע און שלום־עליכם פרעמד געווען"... (זע מיין „אָפּאַטאָשו־בוך", ז' 25).

דאָס איז זייער אַ וויכטיקער פּרט און מען דאַרף עס נעמען אין אַכט, ווען מיר קומען רעדן וועגן די השפּעות אויף דעם צווייטן דור יידישע שרייבער. עס גייט אויך ביי דוד בערגעלסאָן די השפּעה פון בערדיטשעווסקי און ברענער און גנעסין פיל מער ווי פון מענדעלע און שלום־עליכם, וואָס ער האָט ערשט שפּעטער אָנגעהייבן אויפנעמען אין זיך.

מ. י. בערדיטשעווסקי האָט אויך שטאַרק באַווירקט נאָמבערגן, און אין זיין אַרטיקל נאָך מ. י. בערדיטשעווסקיס טויט שטרייכט עס אונטער נאָמבערג און ווייזט אויך אויף דער שייכות צווישן בערדיטשעווסקי און פרץ.

דאָס פּראָבלעם פון השפּעות אויף די יידישע שרייבער איז זייער אַ אינטערעסאַנטס און קאָמפּליצירטס — סיי די השפּעה פון דער העברעאישער ליטעראַטור, סיי די השפּעות פון די אַנדערע ליטעראַטורן. אין יעדן דור, אין יעדער תקופה קומען השפּעות פון פאַרשיידענע זייטן. לויט די ווירקונגען אויף שרייבער און ווערק, קאָן מען אָפט דערגיין און דערקלייבן זיך צום עצם מהות, צום תוך פון די קינסטלער. געווען צייטן, ווען די יידישע וועלט, די יידישע אינטעליגענץ האָט זיך געפונען אונטער דער דירעקטער השפּעה פון דער קלאַסישער דייטשער ליטעראַטור. געטע און נאָך מער — שילער און היינע האָבן משפּיע געווען אויף דעם העברעאיש־יידישן שרייבער (אַ לעגענדערע צייט איז דעם יידישן שרייבער ניט געווען אָפּצוטיילן פונם העברעאישן!). דערנאָך קומען שוין אַנדערע השפּעות — פון דער רוסישער ליטעראַטור, פון דער פוילישער, אַמאָל אויך פון דער ענגלישער און שפּעטער — פון די סקאַנדינאַווישע ליטעראַטורן. מיר האָבן אויך גאַנץ באַדייטנדיקע ווירקונגען פון די בעלגישע מעטערלינק און ווערהאַרן, און נאָך שפּעטער — פון דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור — בעיקר פון וואָלט וויטמאַן א. א.

אין אַ רעדע, וואָס שלום אַש האָט אַמאָל, אין יאָר 1928, געהאַלטן אויף אַ באַנקעט, וואָס דער פוילישער פּען־קלוב אין וואַרשע האָט לכבוד אים איינגעאָרדנט, האָט ער צווישן אַנדערן געזאָגט: „איך האָב פּערזענלעך זייער פיל צו פאַרדאַנקען דער פוילישער ליטעראַטור. די ערשטע ביכלעך, וואָס איך האָב געלייענט, זענען געווען די ווערק פון באָלעסלאַוו פּרוס... דערנאָך האָב איך געהאַט דאָס גליק צו טרעפן זיך מיט דעם גרויסן פוילישן גייסט סטאַניסלאַוו וויטקעוויטש, פון וועלכן איך האָב געלערנט מיט וואַסער ערנסט

זיך צו באַציִען צו מיין פּראָפעסיע. איך האָב אויך געהאַט דאָס גליק צו זיין נאָענט צו זשעראָמסקין און רעימאָנטן, פון וועלכע איך האָב פיל געלערנט". ("ליט. בלעטער", 1928, 41).

מיר קומען דאָ צו אַזאַ פּונקט, וואָס עס איז וויכטיק זיך אָפּצושטעלן אויף אים, ווען מיר רעדן וועגן דורות און תקופות און זייער שייכות צו שרייבער און ווערק.

עס איז פון גרויס באַטייט אַרויסצואָנטפּלעקן די שטריכן און אייגנאַר־טיקן פון דעם דור, פון דער תקופה, פון אַ צייט־אָפּשניט אין אַ תקופה ניט אַזוי אין די ווערק פון אַ שרייבער, נאָר אָפּטמאָל אין דעם שרייבער גופא. אָפּטמאָל האָט דער אָדער יענער קינסטלער ניט באַוויזן צו שאַפן אַ גרויס, אַ באַדייטנדיק ווערק, וואָס זאָל געבן אַן אויסדרוק פון דער תקופה, אָבער ער אַליין, דער שרייבער, איז אַ פּראָדוקט, אַן אויס־דרוק פון דער תקופה. דער דור, די תקופה האָט אויסגעשטאַלטיקט און אויס־געפורעמט די פּערזענלעכקייט, וואָס איז אַליין אַ ווערק, אַ גאַנץ און פאַר־ענדיקט ווערק. אָט די פּערזענלעכקייט האָט נישט געהאַט די מעגלעכקייט אָנצושרייבן אַזאַ ווערק, וואָס זאָל אַרויסאָנטפּלעקן דעם דור, די תקופה. אַזוי איז געווען מיט מ. ז. פייערבערג, אַזוי איז געווען מיט א. ווייטער, אַזוי איז געווען מיט אַ ריי אַנדערע פּערזענלעכקייטן־קינסטלער, וואָס זענען פאַר־בליבן אין דער יידישער שעפערישער וועלט ווי קולטור־היסטאָרישע און קינסטלערישע געשטאַלטן, וואָס אַנטפּלעקן די תקופה מער און פולער ווי זייערע ווערק. און מיר מוזן זיי אַליין נעמען ווי אַ צוגאָב, ווי אַ דערגאַנצונג צו זייערע ווערק, ווען מיר ווילן שאַפן אַ פולשטענדיקן בילד וועגן דור און תקופה.

## VIII

און עס לאָזט זיך איצט מאַכן אַן אויספיר וועגן די באַזונדערקייטן פון דעם ערשטן דור יידישע שרייבער (בעיקר פון מענדעלע און שלום־עליכם) און מיט דעם צווייטן און אויך דריטן דור, — און דאָ קענען מיר אין געוויסע מאָמענטן אויך אַריינרעכענען פּרצן, וואָס איז ניט געבליבן אַ פאַרחתמעטער, אַ פאַרגאַנצטער, אַ פאַרענדיקטער אין דעם קלאַסיקער־פּעריאָד, נאָר האָט געהאַט פיל שטריכן, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר די ייִנגערע שריי־בער פון דעם צווייטן דור און אפילו — דריטן דור.

דער ערשטער דור, די קלאַסיקער, האָבן געזען און געגעבן פאַרכוללטע, פאַראַלגעמיינערטע שילדערונגען, זיי האָבן אונטערגעפירט סך־הכלען. ווי האָט געזאָגט בעל־מחשבות וועגן מענדעלען: זיינע, מענדעלעס, ווערק זענען וויכטיק, ווייל „זיי זענען איינע פון די וויכטיקסטע שליסלען, דורך וועלכע

מיר דריננען אריין אין דער נשמה פון דער יידישער מאַסע", און וועגן שלום־עליכמען: „אַז מען לייענט אים באַקומט מען אַ פול קאָליר בילד פון אַ יידי־שער מאַטעריעלער סביבה". מאַסע, סביבה, עדה, כלל — דאָס איז געווען די מיליע, דער קרייז־אינטערעסן און דער שטאָף פון עלטערן דור שרייבער, און יחיד, פּרט, אייגענע איבערלעבענישן, אייגענע קווענקלענישן, דאָס איז געווען די „סטיכיע", דער תמצית פון שפּעטערדיקן דור, — ריכטיקער פון אַ באַדייטנדיקער צאָל שרייבער פון שפּעטערדיקן דור. פריער איז געווען מער פון אַלץ כ ל ל ־ פ ס י כ אָ ל אָ ג י ע, איצט ווערט דער טראָפּ מער גע־שטעלט אויף פ ר ט ־ ש י ל ד ע ר ו נ ג. די קלאַסיקער האָבן געשילדערט אַ צייט, אַ תקופה, תקופות, ווען דאָס יידישע לעבן איז געווען מער אַן עדה־לעבן, מער אַ קאָלעקטיוו, און דער יחיד האָט ערשט אָנגעהייבן זיך אַרויס־צוטיילן פון אַט דעם כלל.

דער קלאַסיקער האָט בעיקר געהאַט פאַר זיך די אויפגאַבע צו לערנען, צו טייטלען, אָנצואווייזן אויף די פעלערן פון פאָלק און ריכטן דעם פאָלקס לעבן אויף אַ נייעם וועג. „געענוג שרייבן שירים, מליצות — זאָגט מענדעלע דורך שלמה וועקער אין דער „טאַקסע" — בשעת אונזער פאָלק, אונזער אָרעם פאָלק, ליידט אויף דעם טייך גבילאָפּיאַטעווקע . . . מען מוז האָבן אין זינען ערנסטערע זאַכן . . . מיר ווילן פּרואוון עפּעס שאַפן, עפּעס ווירקן פאַר אונזערע אָרעמע יידן" . . .

דאָס איז געווען דער תוך, דער מהות פון דעם קלאַסיקער מענדעלע.

אינטערעסאַנט איז, וואָס אַפילו מענדעלען האָט אָפט געצויגן צו שילדערן די מאָדערנע צייט, און ער האָט עס געפּרואווט צו טאָן אין אַ פּאָר קלענערע דערציילונגען. אָט דערציילט מענדעלע אויף זיין שטייגער אין דער הקדמה צו זיין לעצטן בוך „שלמה ר' חיימס": „שוין אַ לאַנגע צייט, אַז די פּען מיינע געפינט זיך צווישן צוויי פאַרשיידענע דעות, פּונקט קאַפויר איינע פון דער אַנדערער, ווי דער ארון פון מחמדן הענגט, ווי מען זאָגט, צווישן צוויי מאַגנעטן. אין דער צייט, וואָס איינע פון די דעות ציט זי אַהין, צ ו ב אַ ש ר י י ב ן אַ ל ט ע ז אַ כ ן ו ו אָ ס פ ר י ע ר, איז די אַנטקעגן, האַלט זי אָפּ. ציענדיק זי אַהער צו באַשרייבן וואָס אין אונזער צייט גייט פאָר". מענדעלע האָט אפילו אַמאָל געטאַדלט „יענע שרייבערס פון אונזער איצטיקער צייט, וואָס קענען גוט דאָס פאָלק, אויסגעבוגדן פון קליין ביז גרויס און ווייסן אַלע געננ זייערע, און האָבן זיך געפוילט דאָס אָנצושרייבן". אָבער זיין אויג און אויער און האַרץ האָבן זיך ניט געקאָנט אָפּרייסן פון דער יידישער וועלט, פון קאַבצאַנסק און גלופּסק פון די 70ער און 80ער יאָרן פונם 19טן יאָרהונדערט.

די ווייטערדיקע דורות יידישע שרייבער לעבן און לעבן זיך אויס מער

פֿון אַלץ אין אייגענע וועלטן, זיי ווערן געפֿירט און געשטויסן פֿון אייגענע זאָרגן און פֿריידן. אָט זאָגט נאָמבערגס העלד, בענדער, וואָס איז אַ שטיק אָפּשפּיגלונג פֿון נאָמבערגן גופֿא: „איך בין איינזאַם און עלנט, און קיין מענטש און קיין זאַך עקזיסטירט נישט אויף דער וועלט, וואָס איך זאָל דערויף קאָנען זאָגן: „אָט דאָס האָב איך ליב, אָט דאָס האָב איך אויסדערוויילט, אָט דאָס געהערט מיר". דער אינטעליגענט, דער יונגערמאַן פֿון יענעם דור און יענעם שניט, וואָס נאָמבערג איז פֿאַרבונדן מיט לייב און לעבן מיט אים, איז אַ פֿאַראייניזאַמטער, ער איז אַראָפּ פֿון ברייטן לעבנס־שליאַך, ער איז אַרויסגעשטויסן פֿון ווירקנדיקן לעבן. אַ העלד ביי ל. שאַפּיראָ זאָגט: „איך האָב זיך געפֿילט ווי אַ בלעטל געטראָגן פֿון שטורעם". דער מענטש איז אין געפּלאָנטער מיט זיך, אין סתירה מיט דער וועלט. און אָט זאָגט שאַפּיראָ אַזעלכע ווערטער: „עס וועט אויפֿשטיין אַ דור פֿון אייזערנע מענטשן און זיי וועלן אויפֿבויען דאָס, וואָס מיר האָבן דערלאָזן חרוב צו ווערן".

עס איז וויכטיק צו געדענקען, אַז גלייכצייטיק מיט פּרצעס השפּעה אויף דעם יונגן יידישן שרייבער, האָט אויך גענומען ווירקן שוין מיט זיינע ערשטע דערציילונגען א. רייזען און אויך ה. נאָמבערג. זיי האָבן אָנגעהויבן ווירקן אויך פּערזענלעך. אָט די השפּעה פֿון רייזען און נאָמבערג איז געווען אַ גאַנץ באַדייטנדיקע די ערשטע פּאָר יאָר אויף שלום אַשס ליטעראַרישער טעטיקייט, איידער ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויף אייגענע וועגן און זיך גענומען צו גאָר נייעם שטאָף. שלום אַש איז געקומען פֿון זיין היים געזונט און קרעפֿטיק, אָנגעלאָדן מיט אָן אַ שיער אימפּעט און איבערשוימקייט. ער האָט לכתחילה אויפֿגעכאַפּט די יום־טובדיקייט פֿון דער פּרצישער נשמה־יתירה־שטימונג און ענטוזיאַזם, וואָס איז געווען אין יענער צייט פֿאַרבונדן מיט יידישע פֿאָלקס־לידער און פֿאָלקס־מעשיות. אַש איז אָבער אויך אַריינגעצויגן געוואָרן, אונטער דער השפּעה פֿון רייזען און נאָמבערג, אין דער שווערער פֿאַרצווייפֿלונג פֿון פֿאַרלוירנקייט, אין דעם גריבלענדיקן טראַגיזם פֿון דעם יידישן פֿאָלקס־אינטעליגענט אין דער אומהיימלעכקייט פֿון דער גרויסער שטאָט. עס איז געוויס קיין צופֿאַל נישט, וואָס זיין ערשט ביכל דערציילונגען, וואָס שלום אַש האָט אַרויסגעגעבן אין 1902, האָט ער אָנגערופֿן מיט אַזאַ טרויעריקן נאָמען ווי „אין אַ שלעכטער צייט", און בעל־מחשבות האָט דאָן וועגן אָט דעם ערשטלינג פֿון שלום אַש געשריבן: „אין אַ שלעכטער צייט איז דאָס ביכל געשריבן געוואָרן, אין פּיין און עגמת־נפֿש, ווען עס ווילט זיך אָפּטער וויינען ווי לאַכן, ווען דאָס קאַפּעלע נחת ווערט פֿאַרטרונקען אין אַ תהום פֿון אומעטיקייט און האַרצקלעמעניש . . . איטלעכע מעשה, איטלעך בילד פֿון די צוועלף זאַכן אין ביכל לאָזן איבער אַ טרויעריקייט אין לעזערס האַרץ" . . . „נאָר קברים פֿאַרבינדן דעם יידן מיט דער

ערד, מיט וועלכער ער איז נישט צוזאַמענגעוואַקסן״... („געקליבענע שריפטן״, ב׳ 1, ז׳ 133).

עס זענען ווערטער, וואָס זענען אויס גאָר פרעמד פאַר שלום אַש און זיין שאַפן.

. . . . . . . . . .

גאָר גיך האָט שלום אַש זיך ארויסבאַפרייט פון אַט דער ווירקונג און שוין זיין „שטעטל״ און זיינע אַלע אַנדערע קרעפטיקע דערציילונגען ווייזן אונז גאָר אַן אַנדער שלום אַש. באַלד זענען געקומען די אַנדערע ווערק פון שלום אַש, וואו ער האָט זיך ברייט פאַרמאַסטן אויף נייע שאַפערישע דרכים, כלל נישט אין גאַנג און אין שטייגער פון רייזען און נאָמבערג און אויך נישט פון י. ל. פרץ. „משיחס צייטן״, „גאָט פון נקמה״, „שבתי צבי״ — מיר דאַרפן זוכן די שפּורן פון אָט די ווערק גאָר אין אַנדערע וועלטן.

דער ערשטער אפשר איז שלום אַש אַוועק פון די יידישע, יידישלעכע ד׳ אמות, אַרויסבאַפרייט זיך פון דעם עול און פון די טראַדיציעס פון דער יידישער וועלט, אַריבערגעוואַנדלט אין אַן אַנדערער שאַפערישער אַט־מאָספער און אַרויסגעבראַכט געשטאַלטן פון אַ מער־וועלטלעכן שטייגער, אין אָפּטמאַל־געבאַרגטע פאַרמען און סיטואַציעס. און אויב ביי די יידישע קלאַ־סיקער און קלאַסיקער־דור איז געווען שטענדיק איין אַטמאָספער, איין לעבנס־אויפפאַסונג, האָט שלום אַש ווערק נאָך ווערק געגומען אויפנעמען און אויפ־כאַפן פאַרשיידענע סביבות, פאַרשיידענע פּראָבלעמען. מיר טרעפן ביי אים אויך צייט־מאָטיוון און צייט־שטימונגען, וואָס קומען נישט פון אינעווייניק אַרויס, נאָר מער פון אויסן.

עס איז געווען אַ צייט, ווען די געטאָ־ווענט האָבן אַלץ מער גענומען פאַנאַנדערפאַלן און עס איז אָפן געוואָרן דאָס יידישע האַרץ פאַר וועלטלעכע השפעות און פאַר וועלטלעכע ווידעראַנאַנדערן און דיסאָנאַנסן. אנשטאָט דעם איין פּראָבלעם — יידיש פאָלק — זענען געקומען חשבונות מיט וועלט, מיט אייגן לעבן, מיט מענטש אין זיך און ייד אין זיך.

עס איז געקומען דער אויפברויז פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע פון 1905־1906 און דער שנעלער אָפּגאַנג און געבראַכט מיט זיך די צע־ווייטיקטע און צעפּייניקטע יידישע פּערזענלעכקייט, וואָס האָט גענומען זוכן אַן אויסדרוק פאַר די אייגענע איבערלעבענישן. דער יידישער איב־טעליגענט האָט זיך צוריקגעצויגן מיט טיפע ווייטאָגן און גערופן צוריק אין שול אַריין, פאַרהערלעכט דאָס פאַטריאַרכאַלע יידישע לעבן, גענומען קניען פאַר דער „בלאַסער בת־מלכה״, אָנגעהייבן אַרויפציען אויף זיך אַלטע, אָפּגעטראָגענע יידישע טראַדיציעס, אָדער גאָר, אַ שטומער, זיך פאַרוקט אין אַ ווינקל.

ז. י. אַנכי האָט אַ באַנד פון זיינע דערציילונגען אָנגערופן „צווישן

הימל און ערד" — זייבע אַלע יונגע לייט, בחורים און מיידלעך, בלאָנקען טאַקע אַרום אויף ד ע ר וועלט ווי אויף אַן עולם התוהו, מען איז אַוועק פון דער אַלטער וועלט און צו אַ נייער ניט געקומען. אָפּגעריסן זיך פון דעם אייגענעם באָדן און אין אַ נייעם באָדן זיך נישט איינגעוואָרצלט.

דאָס איז געווען אַ טייל פון דעם נאָכקלאַסיקער פּעריאָד, וואָס איז געקומען אין דער יידישער ליטעראַטור אין דער שווערער בין־השמשות־צייט, ווען דאָס לעבן אַרום איז געווען צערודערט, ניט געקאָנט צו זיך קומען נאָך דער דורכגעפאַלענער רוסלענדישער רעוואָלוציע, בעת דעם „אָפּגאַנג" פון דער רעוואָלוציאָנערער סטיכיע.

גלייכצייטיק אָבער מיט דעם אָפּגייענדיקן שטראָם, גלייכצייטיק מיט אַט די פּאַראייניזאַמטע, פּאַרצווייפלטע שטימען, האָבן זיך געלאָזט הערן מונטערע, דערמוטיקנדיקע קלאַנגען. די יאָרן 1905־1906 האָבן אויפגערודערט די מאַסע, האָבן אַרויסגערופן צום לעבן פריער־דערשטיקטע, פריער־באַהאַלטענע כחות, וועלכע האָבן אָנגעהייבן פּאַרנעמען אַן אָרט אינם לעבן, אין דער יידישער גאַס. אונטערערדישע כחות, וואָס זענען געווען אַפריער פאַררוקט, פאַרשטויסן.

אנשטאָט די פריערדיקע „אויסגעווייקטע יידן", ווי איינער פון אַשס מענטשן רופט אָן די שיינע יידן, קומען אַרויס אויף דער יידישער גאַס יונגען פון קוילער געסל, וואָס פּרעטענדירן אויף אַ בכבודיקן אָרט אין יידישן לעבן. י. מ. ווייסנבערג ברענגט נאָך דרייסטערע, שטאַרקערע טיפּן, וואָס מאַכן חוזק פון די יונגעלייטלעך, וואָס זיצן „אין די צימערלעך, וועלכע קאָנען גוט אין די ביכער". אויב שלום אַש האָט אָנגעקוואָלן פון די געזונטע יונגען פון דער זייט, און פון דער זייט געגעבן זיי קוראַזש, איז ווייסנבערג אַליין געקומען פון קוילער געסל, געהאַט אַן אָרגאַנישע שנאה צו די „שיינע יונגעלייטלעך", און נישט געהאַט צו זיי קיין צוטרוי אויך פיל יאָרן שפּעטער, ווען ער איז שוין געווען אַ מחבר פון עטלעכע ביכער.

עס האָט זיך אַזוי־אַרום אין לויף פון דער צייט, זינט 1907 און ווייטער, אַרויסגעשטאַלטיקט אין דער יידישער ליטעראַטור איין גרופּע שרייבער, וואָס האָט געטראָגן אין זיך די פּאַרצווייפלונג, רעזיגנאַציע־שטימונגען, געבראָכנקייט, געהאַלטן אין איין פלאַגן און פייניקן זיך און האָט אַרויסגעבראַכט געשטאַלטן, וועלכע האָבן אָפּגעשפּיגלט זייער אינעווייניקסטע וועלט, זייער צעשפּאָלטנקייט. און עס איז אויפגעקומען אַ צווייטער טייל, וואָס שטאַמט פון די האָרעפּאַשנע מאַסן, שרייבער־„פּראָסטאַקעס", וואָס האָבן געגעבן אַן אויסדרוק אין זייערע ווערק פאַר די פּאַרבאַהאַלטענע כוחות, פאַר די נישט־אַרויסגעזאָגטע פאַרלאַנגען. איז איין שטראָם געגאַנגען פון דער אַלטער יידישער קולטור, פון בית־המדרש, פון די אינטעלעקטועלע

„וואַרשטאַטן", און דער צווייטער — פון גרויען לעבן, פון דער האַרטער וואָר. דער ערשטער טייל איז געווען נאָך שטאַרק פאַרבונדן מיט דער העברעאישער ליטעראַטור און קולטור, און דער צווייטער — געצויגן יניקה פונם יידישן לעבן. האָבן די ערשטע געלעבט בעיקר אין אַן אידעען־אָנגעלאָדענער וועלט, און די צווייטע האָבן אַרויסגעבראַכט דעם פאַרהאַרטעוועטן מענטשן, דעם „בלינדן כוח" פון דער יידישער מאַסע, די סאָציאַלע געראַנגלענישן אין דער יידישער גאַס.

אויב עס זענען געווען טיפּעטע אונטערשיידן ביי די שרייבער פון דעם קלאַסיקער־פּעריאָד, זענען פיל טיפער די אַנדערשקייטן, די ווידעראַנאַנדן ביי די שרייבער פונם צווייטן און דריטן דור. די אַנדערשקייטן ליגן כמעט אין יעדן שרייבער באַזונדער, אין דער סביבה, וואו ער איז אויסגעוואַקסן, אין דער גייסטיקער און מאַטעריעלער אַטמאָספער, וואָס ער האָט אין זיך איינגעזאַפּט און אין די פאַרשיידענע השפעות, וואָס ער האָט אויפגענומען אין זיך באוואוסטזיניק און אומבאוואוסטזיניק.

---

מיר האָבן פריער געפּרואווט איינטיילן די יידישע שרייבער פון דעם נאָך־קלאַסיקער פּעריאָד אין צוויי הויפּט־שטראָמען, אין אינטעליגענטן־שרייבער און אין פאָלקס־אָדער־מאַסן־שרייבער. יעדער פון די פאָרשטייער פון אָט די צוויי שטראָמען־ריכטונגען האָט זיך זיינע מאָטיוון און טענדענצן, זיינע אינעווייניקסטע וועלטן און אייגנשאַפטן. מען קאָן אָבער נ ט אַדורכפירן אַזאַ פּינקטלעכע צעטיילונג פון אַלע יידישע שרייבער. עס זענען דאָ קינסטלער, וואָס געהערן לויט זייער תוך און מהות צו דער ערשטער גרופּע שרייבער, און זיי פאַרפאַסן ווערק, וואָס פּאַסן זיך אַריין פאַר די שרייבער פון צווייטן מין, און אַזוי אויך פאַרקערט. אָפטמאָל איז שווער אָנצוצייכענען וואו עס ענדיקט זיך איין מין שרייבער און וואו עס הויבט זיך אָן דאָס, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן צווייטן טייל שרייבער.

אָט האָט ח. נ. ביאַליק פאַרפאַסט לידער אין שניט פון „המתמיד" און כמעט אין דער זעלבער צייט האָט ער געשריבן אַזעלכע ווערק ווי „אריה בעל גוף" און „מאַרינקע"; דוד בערגעלסאָן האָט אין איין צייט געשריבן זיין „אַרום וואָקזאַל" און „דעם טויבן", דעם „נאָך אַלעמען" און „די פאַרגרעבטע שטאָט"; פּרץ הירשביין פאַרפאַסט נאַטוראַליסטישע און רעאַליסטישע דראַמען ווי „מרים", „ווייטע און נאָענטע", „אינטעליגענט", „נבלה" און די טרוימערישע און מיסטישע „קברים בלומען", „דעמערונג" און געשריבן זיין לירישן „מיין אַלבאָם". ביי שלום אַשן און ביי י. מ. וויי־סנבערגן טרעפן מיר נאָך שאַרפערע קעגנזאַצן אין זייערע ווערק; י. אָפּאַטאָשו האָט די ערשטע פאַר יאָר פאַרעפנטלעכט „היגטער דער בריק", „א

ראָמאַן פון א פערד גנב" און גלייכצייטיק „היברו". דאָס זענען ווערק, וואָס אין איינעם איז געגעבן דאָס אינטעלעקטועלע, וואָס קומט מער פון דער יידישער בית־המדרש־קולטור אָדער פון דער וועלט־ליטעראַטור, און אין צווייטן — דאָס אוממיטלבאַרע, עמאָציאָנעלע.

עס איז שטענדיק אויך דאָ אַ הין־און־צוריק ווירקונג פונם אַרומיקן לעבן, פון די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע צוזאַמענשטויסן און קאָנפליקטן און פון דעם, וואָס ווערט געשאַפן אין דער „גייסטיקער" וועלט, אין דער ליטעראַטור, דורך די קינסטלער. עס זענען דאָ השפעות פון דרויסן און השפעות פון אינעווייניק, וואָס די שאַפונגס־וועלט האָט זיי „איבערגעקאָכט", און זיי קומען דערנאָך אין א נייער פאָרם אין לעבן און ווירקן און באַווירקן. האָבן מיר, הייסט עס, דורות און תקופות רעאַלע, וואָס וואַקסן אַרויס פון דער ווירקלעכקייט און דורות און תקופות „איררעאַלע", וואָס קומען־אויף אין דער „פאַנטאַסטישער", אין דער שאַפערישער וועלט. פאַראַן שרייבער, וואָס ציען זייער יניקה מער פון לעבן גופא, און פאַראַן שרייבער, וואָס לעבן אין די פאַנטאַסטישע וועלטן און זיי ווערן מער באַווירקט פון די „איבער־געדיכטעטע" רעאַליטעטן.

הגם עס לאָזן זיך ניט ציען קיין גלייכע און שאַרפע ליניעס, אָבער דאָך קאָן מען אָנצייכענען איין ריכטליניע, וואָס הויבט זיך אָן פון אַן אייזיק מאיר דיק, איבער י. דינעזאָן, מ. ספּעקטאָר און זי צעוואַקסט זיך ביי שלום עליכם און פאַרנעמט זיך ווייטער דורך פאַרשיידענע יידישע שרייבער אַזש ביז אַן א. ראַבאָי. און די צווייטע ליניע, — לאָמיר זאָגן די מער תלמיד־חכמישע, די אינטעלעקטועלע, — וואָס הויבט זיך אָן פון פּרצן און גייט דורך ה. ד. נאָמבערג, א. ווייטער, דוד בערגעלסאָן, י. אָפּאַטאָשו, ל. שאַפּיראָ און אַזוי ווייטער ביז ה. לייוויק. אָפטמאָל קומען זיך אָט די צוויי גאַנץ־באַזונדערע ליניעס צונויף און אָפט גייען זיי זיך פאַנאַנדער. עס איז געוועןדט אָן דער צייט, אָן דער תקופה, אָן די טענדענצן, וואָס די תקופה ברענגט, אָן די פּראָבלעמען, וואָס שניידן זיך אַריין אינם אָרגאַניזם פון דער וואַקסנדיקער יידישער ליטעראַטור און אין דעם אָרגאַניזם פון דעם שריי־בער גופא.

## IX

ווען מיר רעדן וועגן דורות און תקופות אין דער יידישער ליטעראַטור, דאַרף מען זיך געוויס אויך אָפּשטעלן אויף דעם אָרט און אויף דער ראָלע, וואָס דער אויפגעקומענער יידישער מאַסן־ישוב אין אַמעריקע האָט געשפּילט אין דעם וואוקס און אין דער אַנטוויקלונג פונם יידישן שאַפן די לעצטע צענדליקער יאָרן.

אין לויף פון די זעכציק יאָר, זינט 1881, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע מאַסן־עמיגראַציע צו די פאַראייניקטע שטאַטן, זענען די פאַר־בינדונגען פון די יידישע ליטעראַטורן פון ד ע ר זייט און פון י ע נ ע ר זייט אָקעאַן געווען נישט קיין גלייכע, — דער קאָנטאַקט איז אָפט געווען גאָר אַ לויזער און אַמאָל — אַ פעסטערער, אַן ענגערער.

עס איז וויכטיק אויספירלעך צו באַהאַנדלען און צו באַטראַכטן די פאַר־העלטענישן צווישן די צוויי, אָפטמאָל גאָר־אַנדערע, אַנדערשדיקע יידישע ליטעראַטורן און נאָכזוכן קעגנזייטיקע ווירקונגען, איינפלוסן און אויך דער־גיין די סיבות פון דער פאַרפרעמדקייט און אָגעריסנקייט, וואָס האָט זיך אין פאַרשיידענע צייטן געשאַפן. עס זענען געווען צייטן, ווען ס'איז געלעגן צווישן דיביידע שוועסטער־ליטעראַטורן אַ תהום, אַן אָפּגרונט, עס זענען ווידער געווען יאָרן, ווען די גרענעצן זענען ווי אָפּגעשאַפט געוואָרן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרברודערונג צווישן די קינסטלער פון דער „אַלטער" היים און דער „נייער". עס זענען אין משך פון די יאָרן אויפגעקומען יידישע קינסטלער, וואָס אין זייער ווייטערדיקער שאַפערישער טעטיקייט איז שוין שווער געווען צו אַנטשיידן, צי געהערן זיי צו דער יידיש־אייראָפּעאישער ליטעראַטור, אָדער גאָר צו דער יידיש־אַמעריקאַנער. אייניקע באַדייטנדיקע יידישע קינסטלער האָבן מיט זייער אַריבערוואַנדערן אין די פאַראייניקטע שטאַטן איינגאַנצן באַוויזן זיך אַריבערצופלאַנצן אויף דעם אַמעריקאַנער יידישן באָדן און זיי זענען מיט דער צייט געוואָרן עכטע אַמעריקאַנער־יידישע קינסטלער. ביי אייניקע יידיש־אַמעריקאַנער שרייבער האָט זיך די אַלטע היים כסדר געמישט מיט דער נייער, און אין זייערע ווערק האָבן זיי אָט אַרויסגעבראַכט דאָס שטייגער־לעבן פון דער היימישער שטאָט און שטעטל, און אָט זיך פאַרמאָסטן אַרויסצוברענגען דאָס ניי־וואַקסנדיקע לעבן פון אַמע־ריקאַנער יידן. עס זענען אָבער ביז איצט פאַראַן יידישע קינסטלער אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זיי וואוינען שוין דאָ צענדליקער יאָרן, איז אָבער דער קוואַל פאַר זייער שאַפן נאָך אַלץ די אַלטע היים. זיי געברויכן נאָך אַלץ שטאָף, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך אַמאָליקע צייטן פון יענער זייט ים, אָדער וואָס זיי לעבן־אויף ווי־דער אַמאָל אין זייער פאַנטאַזיע פון דעם „אַמאָל איז געווען". פאַראַן ווידער אויך אַזעלכע יידיש־אַמעריקאַנער קינסטלער, וואָס נאָך יאָרן לעבן אין דער אַמעריקאַנער יידישער סביבה און שרייבן וועגן היגן לעבן, פרואוון זיי אויף די עלטערע יאָרן זיך אַריבערקלייבן מיט זייער געדעכעניש צו זייערע קינ־דער־ און יוגנט־יאָרן און צו די ערטער, פונוואַנעט זיי שטאַמען.

פון אָט דעם קוק־ווינקל קאָנען מיר מאַכן ביז גאָר אינטערעסאַנטע עקס־פעדיציעס אין די קינסטלערישע לאַבאָראַטאָריעס, אין די ווערק פון פיל־פיל

הײנטצײטיקע אַמעריקאַנער ייִדישע שרײבער, פאָרשן און שטודירן זײער טעמאַטיק און דערבײַ אַנאַליזירן די אײנפלוסן, די ווידעראַנאַנדן, די גע־ראַנגלענישן פון די רעאַלע ווירקונגען וואָס זײ האָבן אויסצושטײן מיט די פאַנטאַסטישע בילדער פון אַ וועלט, וואָס איז אַמאָל געווען און איז שוין מער נישטאָ. עס איז זײער אינטערעסאַנט, ווי בײ אײניקע היגע שרײ־בער איז דאָס אַמאָליקע ייִדישע שטעטל, די לאַנג־פאַרגאַנגענע ייִדישע פאַר־שוינען נאָך אַלץ מער רעאַל און קאָנקרעט ווי די איצטיקע אַרומיקײט, ווי די ווירקלעכע געשטאַלטן פון דער היגער וועלט. לעאָן קאָברין און דוד פּינסקי, שלום אַש און אברהם רײזען, פּרץ הירשבײן און י. אָפּאַטאָשו, א. ראַבאָי און דוד איגנאַטאָוו, ב. עפּעלבוים און פּ. בימקא, י. י. זינגער און ב. גלאַזמאַן, י. גלאַדשטײן און ז. ווײנפּער, און אַזוי ווײטער און ווײטער, — ביז די היגע יונגערע ייִדישע שרײבער — ווי פאַרשײדן עס מישט זיך בײ זײ און אין זײערע ווערק די ייִדישע וועלט פון זײערע אײראָפּעאישע הײמען מיט די פאַרצײטיקע סביבות, לעבנס און געשטאַלטן מיט דער היגער ייִדישער וועלט, וואָס קומט אויף דאָ, אין דעם אַמעריקאַנער ייִדישן ישוב. אין דעם־אָ זינען לאָזט זיך באמת מאַכן ביז גאָר ווichטיקע און ווײט־גײענדיקע פאָרשונגען און פאַרגלײכן, פאַראַלעלן און אויספירן, וואָס וועלן כאַראַקטעריזירן אַמ־בעסטן און אַמגענויסטן יעדן קינסטלער באַזונדער און זײן סביבה, וואו ער לעבט און שאַפט.

אין די ערשטע צוואַנציק־פינפאונצוואַנציק יאָר, פון 1882 ביז אַרום 1907 איז די ייִדישע ליטעראַטור אין אַמעריקע געווען ווי אַ וועלטל פאַר זיך, זי האָט ווײניק וואָס אָנגעקערט און געוואָלט זיך אָנקערן מיטן שאַפערישן ייִדישן לעבן אין רוסלאַנד און אויך ווײניק גענאָסן פון די קינסטלערישע דערגרײכונגען פון די גרויסע ייִדישע שרײבער, וואָס האָבן דאַן געהאַלטן אין סאַמע פאַנאַנדערבלי פון זײערע טאַלענטן. עס איז נישט צום באַמערקן קײן גײסטיקער קאָנטאַקט צווישן די צוויי ייִדישע ישובים, דעם אַלט־באַזע־סענעם און דעם ערשט־אויפגעקומענעם. עס זענען ווי צוויי גאַנץ־באַזונדערע וועלטן, מיט אײגענע אינטערעסן, מיט אײגענע פאַרלאַנגען, מיט אײגענע פאַרמעסטן. אין דער צײט, וואָס אין רוסלאַנד האָבן די פאַרשײדענע זאַמל־ביכער, וואָס זענען דערשינען אין יענע יאָרן, זיך אָפּגעגעבן בעיקר מיט דער שײנער ליטעראַטור און דעם אויבנאָן האָבן פאַרנומען די גרויסע ייִדישע קינסטלער־מײסטער, ווערט אין אַמעריקע דער געוויכט געלײגט אויף פּאָ־פּולאַריזירן „פיזיק, אַסטראָנאָמיע, די לערע פון מאַרקס א. א. וו.״ — מען פאַרנעמט זיך בעיקר מיט פּאָפּולאַריזאַציעס, וואָס זענען נויטיק אויפצו־קלערן די אומוויסנדיקע „ייִדיש־שפּרעכנדיקע סאָציאַליסטן פון אַמעריקע״. אין די פאַרשײדענע לײט־אַרטיקלען און רעדאַקציע־דערקלערונגען אינם

דעמאָלסדיקן פירנדיקן זשורנאַל „צוקונפט" ווערט כסדר באַטאָנט, אַז זייערע אויפגאַבן זענען נישט קיין „י י ד י ש ע ר ז ש ו ר נ אַ ל", נאָר אַ „ז ש ו ר נ אַ ל פ ו ן אַ ל ג ע מ יי נ ע ר ב י ל ד ו נ ג פ אַ ר יי ד ן". און נישט נאָר זוכט מען נישט קיין נאַענטקייט און אַנהאַלט אין דעם יידישן שאַפן אין רוסלאַנד, נאָר אויף שריט און טריט ווערט אונטערגעשטראָכן, אַז מען האָט קיין שייכות נישט מיט די פאַרמעסטן און אויפטוען פון די רוסלענדישע יידישע שרייבער. מען איז ביי זיך טראַציק, מען שטרייכט נאָכאַנאַנד אונטער, אַז דאָ איז מען אַנדערש, גאָר נישט ענלעך אויף יענע „ביטסאָציאַליסטישע משכילים, באַלעבאַטישע קינדער און געניטע און באַרופענע זשאַרגאָנישע שרייבער פון גאַנץ רוסלאַנד", — יענע „סמייען ניט צו טרוימען" אַרויסצוגעבן אַזאַ זשורנאַל ווי די „צוקונפט". און מען וואַרפט פאָר די יידישע רעדאַקטאָרן־אַרויסגעבער אין רוסלאַנד, וואָס זייערע זשורנאַלן זענען „דאָס רוב אָנגעפילט מיט מעשיות".

מיר טרעפן אין די אַרויסגעגעבענע „צוקונפט"־נומערן אין לויף פון יאָרן און יאָרן גאָר ווייניק ו ו ע ג ן און פ ו ן דער וואַקסנדיקער יידישער ליטעראַטור אין רוסלאַנד. ווייזט אויס, אַז די אַלע פירנדיקע שרייבער און פאָפולאַריזאַטאָרן זענען אַליין ווייניק־וואָס געווען געבונדן מיט דער יידישער ליטעראַטור אין רוסלאַנד, זיי איז געווען נעענטער און מער צום האַרצן די רוסישע ליטעראַטור. די יידישע אימיגראַנטן גופא פון יענער צייט זענען אויך געווען ווייניק אָדער אינגאַנצן נישט פאַרבונדן מיט דער אַלץ־וואַקסנדיקער יידישער ליטעראַטור אין רוסלאַנד. ערשט דער שטראָם יידישע מאַסןעמיגראַנטן, וואָס האָט דערגרייכט די ברעגן פון אַמעריקע אָנהייב דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, די וואָס האָבן שוין אַדורכגעמאַכט די בילדונגס־און אויפקלער־קורסן און די „אוניווערסיטעטן" פון דער רעוואָלוציאָנערער יידישער באַוועגונג, זיי, וואָס האָבן אויפגענומען און אייגגעזאַפּט אין זיך פּרצעס „יום־טובבלעטלעך" און די אַלע אַנדערע קינסטלערישע יידישע ווערק, מיט זייערע טרעפלעכע שילדערונגען פון דער יידישער אָרעמקייט, און מיטן טיפן פּראָטעסט קעגן דעם סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן אומרעכט, — אָט די מער־באַוואוסטזיניקע יידישע עמיגראַנטן פון נאָך די רעוואָלוציע־יאָרן פון 1905־1906, האָבן אַריבערגעבראַכט אַ ליבע, אַ פּיעטעט, אַ פאַרערונג פאַר די גרויסע יידישע שרייבער, וואָס זענען געוואַקסן צוזאַמען מיט דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער פאָלקס־באַוועגונג אין אויפגעוואַכטן רוסלאַנד.

דער געשיכט־שרייבער פון די יידישע ליטעראַטורן אין אַמעריקע און אין רוסלאַנד וועט זיך דאַרפן באַזונדערס אָפּשטעלן אויף דעם פאַקט, וואָס אין רוסלאַנד האָט זיך אין די איבער צוויי־צענדליק יאָרן 1882—1901 באַזונדערס צעבליט און צעוואַקסן די יידישע ק י נ ס ט ל ע ר י ש ע פּ ר אָ ז ע,

מיט גרויסע פּראָזע־מייסטער און פּראָזע־ווערק, און אין אַמעריקע זענען אין דער זעלבער צייט אַרויסגערוקט געוואָרן גרויסע דיכטער מיט באַדייטנדיקע דיכטערישע שאַפונגען. פון איין זייט — לינעצקי, מענדעלע, ספּעקטאָר, דינעזאָן, שלום־עליכם, פּרץ, און פון דער אַנדערער זייט — ווינטשעווסקי, ראָזענפעלד, עדעלשטאַט, באָוושאָווער, יהואש, א. ליעסין. עס קאָן זיין, אַז אויך די פּאָר פּראָזע־שרייבער אין אַמעריקע זענען געווען לויט זייער געמיט־צושטאַנד און טעמאַטיק אפשר נעענטער צו די אַמעריקאַנער יידישע דיכטער, ווי צו די יידישע פּראָזאאיקער אין רוסלאַנד.

גאַנץ באַזונדער און אויף אַן אייגענעם שטייגער איז אויך געווען דער ווייטערדיקער גאַנג פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע. דער דור שרייבער, די גאַנצע גרופּע יידישע קינסטלער, וואָס האָבן זיך אָנגערופן „יונגע" און געווען פאַרבונדן מיט די פאַרשיידענע „שריפטן" און זאַמל־ביכער, וואָס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין די יאָרן 1910—1914, האָט גענומען שאַפן און בויען ווי אויף אַ נייעם נישט־צעאַקערטן באָדן. עס האָט זיי אפשר צונויפגעבונדן מער דער פּראָטעסט קעגן די עלטערע יידישע שרייבער, מער דאָס נעגירן, ווי עס זאָלן זיי ענג פאַרבינדן אינערלעכע און בשותפותדיקע שאַפונגס־אינטערעסן. זיי זענען דאָך אין תוך געווען שטאַרק פאַרשיידן, אנדערשדיק איינער פונם אַנדערן. עס איז דעריבער שווער דעם גאַנצן דור „יונגע" אַרונטערנעמען אונטער איין טלית ווי אַן אויסגעשפּראָכן־איינהייטלעכן קאָלעקטיוו, וואָס איז באַהעפט מיט איינע און די זעלבע אי־דעען און איז אונטערגעוואָרפן איין שטרענגער קונסט־ריכטונג.

און אָט ווי עס פרואווט מ. אָלגין (אין זיין אַרטיקל וועגן א. ראַבאָי — „יידישע קולטור", 1939, נ' 9) צו כאַראַקטעריזירן די „יונגע": „זיי אַליין — די שרייבער פון דער גרופּע „יונגע" — האָבן געמיינט, אַז זיי אונטער־שיידן זיך פון די צוויי פריערדיקע דורות יידישע שריפטשטעלער אין אַמע־ריקע (ווינטשעווסקי, עדעלשטאַט, באָוושאָווער, ראָזענפעלד, קאָברין, ליבין, פּינסקי) דערמיט, וואָס זיי האָבן נישט געוואָלט וויסן פון קיין „איזמען": זייער מאָטאָ איז, כלומרשט, געווען „ניט סאָציאַליזם און ניט נאַציאָנאַ־ליזם", אָדער ווי איינער פון זיי האָט דאָס פאָרמולירט: זיי ווילן ניט קיין געטער. זיי האָבן זיך באַוואוסטזיניק אָפּגעטיילט פון די עלטערע שריפט־שטעלער, וואָס זענען אַלע געווען סאָציאַליסטן, האָבן זיך אינטערעסירט מיט סאָציאַלע פראַגן און געשטיצט די אַרבעטער־באַוועגונג און אַמאָל אויך געצאָלט צינזן דעם נאַציאָנאַליזם...".

און מ. אָלגין באַטאָנט ווייטער, אַז „זיי אַליין האָבן אפשר דעמאָלט ניט געקענט פאָרמולירן דאָס, וואָס ס'האָט זיי געמאַכט פאַר אַ גרופּע. פון דער אָביעקטיווער היסטאָרישער דיסטאַנץ לאָזט זיך אָבער דער כאַראַקטעריזיר־

מאָמענט לייכט דערקענען: די אַלע „יונגע" האָבן זיך אָריענטירט אויף אַ קולטורעלן לעזער. זיי האָבן געשריבן פאַר אַ מער־אַנטוויקלטן עולם, ווי דער עולם פון די עלטערע שריפטשטעלער־דורות".. די ערשטע יידישע שרייבער אין אַמעריקע — זאָגט ווייטער מ. אָלגין — האָבן אין זינען געהאַט דעם „עמך". זיי האָבן פאַר זיך געזען דעם ברייטן פּראָלעטאַרישן און קליינביר־גערלעכן עולם (שאַפּ־אַרבעטער און פּעדלער), פאַר וועמען זיי האָבן געשריבן און צו וועמען זיי האָבן געשריבן און צו וועמען זיי האָבן (באַוואוסט אָדער אומבאַוואוסט) צוגעפּאַסט זייער שפּראַך און מאַניר . . . דער רעזולטאַט איז געווען אַ פּאָפּולערע ליטעראַטור פון אַ באַשטימטן מין. די פּאָ־פּולערקייט האָט אין זיך געהאַט סיי פּאָזיטיווע, סיי נעגאַטיווע זייטן . . . קעגן אָט דער פּאָפּולערקייט איז אויפגעשטאַנען די גרופּע „יונגע". זיי האָט זיך געדאַכט (מיט רעכט אין אַ סך פּרטים), אַז עס פאָדערט זיך אַ ליטעראַטור אַ רייכערע, אַ מער פּלאַסטישע, אַ מער פיינפאַרביקע, אַזעלכע וואָס זאָל ניט מורא האָבן צו רעדן מיט אַן אייגענעם קול אויף איר אייגענער שפּראַך, ניט קימערנדיק זיך, צי מען וועט זי פאַרשטיין, צי ניט . . ." מ. אָלגין פירט אויס, אַז די גרופּע „יונגע" האָט „אונטערשאַצט דעם פּראָלעטאַרישן מאַסן־לייענער, וועלכער האָט סוף כל סוף געבילדעט דעם ראשו ורובו פון זייער לייענער־עולם און וועלכער האָט זיי געגערט אַ פּערטל יאָרהונדערט מיט זיין באַוואונדערונג, ליבשאַפט און מאַטעריעלע מיטלען", און „אָט דער טעות האָט זיך אָפּט אָפּגעשפּיגלט צום שלעכטן אין זייער אידעאָלאָגיע, אין דעם אויסוואַל פון זייערע טעמעס: דערווייטערונג פון דער מאַסע; אינזיכיזם, געיעג נאָך עקזאָטיק, פּסיכאָלאָגיזם, אידעאַליזאַציע פון עבר א. א. וו."

. . . . . .

דער צווישנאַנאַנד צווישן די עלטערע יידישע שרייבער אין אַמעריקע מיט די שפּעטערדיקע שרייבער, דער תהום צווישן די דורות שרייבער ביזן יאָר 1910 און די ווייטערדיקע איז אַ טעמע, וואָס הערט נישט אויף צו אינ־טערעסירן יעדן איינעם, וואָס פאַרטיפט זיך אין דעם וואוקס און אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור און קולטור־געשיכטע אין אַמעריקע.

אָט ווי י. אָפּאַטאָשו, אין אַ בריוו צו מיר, כאַראַקטעריזירט די אונטער־שיידן פון די ערשטע אַמעריקאַנער יידישע שרייבער מיט די שפּעטערדיקע: „אין אַזאַ סביבה (די ערשטע מאַסן־איינוואַנדערונג — נ. מ.) האָט נישט געקענט געבוירן ווערן אַ ליטעראַטור, ס'האָט געפעלט שטח, און דער עיקר — ס'האָבן געפעלט וואָרצלען דאָ. נישט געווען קיין ליבע צו דער ערד, צום הויז, צו די אייגענע ד' אמות. דער אַרבעטער האָט געביטן זיין „שאַפּ", געביטן זיין דירה, קיין צייט נישט געהאַט אָנצואוואָרעמען די אייגענע

וועגט. אין אזא סביבה האָט נישט געקענט אויסוואַקסן קיין יידישע ליטע־ראַטור. ס'האָבן געקענט בלויז אויסוואַקסן איינצלנע יידישע שרייבער, — אַ דיכטער, אַ נאָוועליסט, אַ גרעסערער, אַ קלענערער''... און קעגן די פריערדיקע שרייבער שטעלט י. אָפּאַטאָשו אַוועק די נייערע: „אַנדערש — זאָגט ער — איז געווען שוין מיטן נייעם יידישן אימיגראַנט, וואָס איז אַראָפּגעקומען קיין ניו־יאָרק נאָך 1905—1906, נאָך די פרייהייטס־טעג. סיי דער עלעמענט איז אַן אַנדערער, און סיי דאָס יידישע לעבן אין אַמעריקע ווערט שוין אַנדערש''.

און וואָס איז געווען דער דראַנג פונם ייִנגערן יידישן שרייבער אין יענער צייט און אין די עטלעכע שפּעטערע יאָרן? „ס'איז געווען דער ווילן — שרייבט י. אָפּאַטאָשו — אויפצוכאַפּן דעם אַמעריקאַנער טעמפּאָ, דעם ריטם, — און צוליב דעם האָט מען באַדאַרפט זיך אָפּרייסן פון דער אַלטער וועלט, פאַרגעסן אויף אַ ווייל די אַמאָליקע היים, ווייל די רחבות, די נייע רחבות האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם... דער נייער מענטש און דער נייער שרייבער האָט זיך איינגעפונדעוועט, ער איז אַוועק אין פאַבריק, אויף דער פּריירי, ער האָט דערפון נישט געליטן, ער איז געווען מוטיק און אויפ־געראָימט''.

און דאָס אינטערעסאַנטע דערביי איז, וואָס די יונגע יידישע שרייבער האָבן געשטרעבט צו ווערן אַמעריקאַנער מיט עטלעכע יאָר פריער, איידער עס האָבן עס געטאָן די אַמעריקאַנער שרייבער גופא, וואָס האָבן נאָך גע־לעבט מיט דער ענגלישער ירושה, אפשר אַזויפיל אָדער פיל מער ווי די יידישע שרייבער אין אַמעריקע מיט זייער אַלטהיימישער יידישער ירושה. און י. אָפּאַטאָשו גיט טאַקע צו: „אונז איז לייכטער געווען אָפּצושאָקלען פון זיך אויף אַ ווייל וואַרשע, אדעס, ווילנע. די אַמעריקאַנער האָבן גע־דאַרפט אָפּשאָקלען אַ טויזנטיאָריקע ליטעראַטור. ביי אונז האָט זיך עס אָנגעהויבן אין יאָר 1907, ביי זיי ערשט אין 1912''. (זע מיין בוך וועגן י. אָפּאַטאָשו — זז' 34־36).

און לאָמיר דאָ ברענגען אַ פאַרגלייך פון די ייִנגערע שרייבער אין איי־ראָפּע מיט די יונגע שרייבער אין אַמעריקע פון יענער צייט, פון די יאָרן נאָך דער רוסלענדישער רעוואָלוציע פון 1905־1906, ווי עס מאַכט עס פּרץ הירשביין, וואָס איז דאָן אַריבערגעקומען פון די יידישע ליטעראַטור־צענטרען — וואַרשע, ווילנע און אדעס — קיין ניו־יאָרק. „דער ייִנגערער דור שריפט־שטעלער אין רוסלאַנד האָט זיך אויסגעצייכנט מיט יחידות. איינציקווייז זענען דאָ און דאָרטן אויפגעקומען יונגע טאַלאַנטן: מיט אַן אומרואיק האַרץ געפאָרן קיין וואַרשע, וואו פּרץ האָט גענומען אונטערפירנס, אַריינ־געפירט דעם יונגן טאַלענט אין דער ליטעראַטור אַריין. קיין באַזונדערע

גרופּירונגען האָבן זיי נישט געשאַפן. קיין גרויסע פעסטונגען איינצונעמען איז אין זייער וועג נישט געשטאַנען... אָבער דער קרעפטיקער און געראָטענער דור שרייבער, וואָס איז אויפגעקומען אין אַמעריקע, האָט זיך תחילת אויסגעשטאַלטיקט ווי אַ ליטעראַרישער קאָלעקטיוו: די יונגע... דער נאָמען יונגע האָט פאַר דער גרופּע דיכטער און פּראָזאַאיקער שטאַרק געפּאַסט. ניט נאָר אין דער דעמאָלטיקער ליטעראַטור — אין לעבן גופא זענען זיי געווען אַ יונגע דערשיינונג".

עס קאָן זיין, אַז די „אחדות", די קאָלעקטיווקייט, וואָס עס איז געווען דאַן ביי דער גרופּע „יונגע" איז געווען בויטיק, ווייל די ייִנגערע שרייבער פון אַמעריקע האָבן געהאַט פאַר זיך אַ געשלאָסענעם פראָנט אין דער דעמאָלסדיקער יידישע פּרעסע, וואָס האָט, ווי באַקאַנט, נישט צוגעלאָזט קיין נייע, קיין יונגע כוחות. און נישט געקאָנט אַריינדרינגען אין די דעמאָלסדיקע צייטונגען און צייטשריפטן, האָט מען זיך דעריבער געטוליעט איינער צום אַנדערן און באַמיט זיך מיט געמיינזאַמע און קאָלעקטיווע כוחות אַרויסצוגעבן זאַמלביכער, שריפטן, צייטשריפטן. ווי עס זאָל נישט זיין, איז נאָך מער פאַרדראָסיק און פיינלעך און פאַרברעכעריש די דערוויטערונג, די שנאה־קנאה, די צעריסנקייט, וואָס עס הערשט איצט צווישן די היגע יידישע שרייבער און — דאָס סאַמע ווייטאָגדיקסטע — וואָס גאַנץ־באַוואוסטע און אָנערקענטע שרייבער באַמיען זיך דעם צווישנאַנאַנד, דעם אָפּגרונט אַלץ־פאַרטיפן...

וועגן דעם לאָזט זיך פיל־פיל רעדן. אָט דער אינערלעכער קידער־ווידער צווישן די היגע יידישע שרייבער, אָט דער טיפער פאַנאַנדערטייל אויף „מיינס און דיינס", אָט די נישטיקע נישט־פאַרגינערישקייט האָט געוויס געבראַכט צו דער טרויעריקער מערכה פונם יידישן שרייבער אין דער היגער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

גאָר אַ באַזונדער קאַפּיטל איז, ווי אַזוי די ערשטע וועלט־מלחמה און די גרויסע און די גרויזאַמע געשעענישן נאָכן וועלט־קריג האָבן באַווירקט און באַאיינפלוסט די יידישע שרייבער אין אַמעריקע. דער אויפברויז, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אַ שטיק וועלט, די געוואַלדיקע וועלט־געראַנגלענישן, דער בירגער־קריג און דערנאָך די רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט אין איין לאַנד און אין אַ צווייטן, די מוראדיקע פּאָגראָמען און שחיטות אויף יידן אין אוקראַינע, האָבן פאַנאַנדערגעטרייסלט די סאַמע־סוביעקטיווסטע, אין זיך פאַרטועטע דיכטער, און זיי אַרויסגעפירט אויף ברייטערע שליאַכן פונם לעבן, פון יידישן וועלט־לעבן. עס איז אויך קיין צופאַל נישט, וואָס אין די יאָרן 1918־1921 קומען שלום אַש, י. אָפּאַטאָשו, ה. לייוויק מיט זייערע ווערק „קידוש השם" און „כישופמאַכערין פון קאַסטיליען",

„אין די פוילישע וועלדער" און „1863" און „דער גולם", — וואו געשיכט־לעכער הערטאישער שטאף מישט זיך מיט די גרויזאמע רעאלע פאסירונגען פון דער איצטיקער צייט.

און עס איז מערקווירדיק: דוד בערגעלסאן, וואס האט איבערגעלעבט די וועלט־מלחמה און דעם בירגער־קריג פון דער נאענט, שטעלט פעסט, אז „אין די מלחמה־יארן האט ער כמעט גארנישט געשריבן, געווירקט האבן דא א סך סיבות: די מלחמה האט געדריקט, ס'האט זיך געדאכט, אז בעלע־טריסטיק דארף שוין קיינער נישט האבן ... נישט געהאט אפילו קיין שטי־מונג צו פארענדיקן די פריער־אנגעהויבענע זאכן. עס האט זיך בכלל אנגע־רוקט א שאפערישער קריזיס: מיר האט זיך אויסגעדאכט, אז מיטן „אפ־גאנג" שרייב איך דאס לעצטע ווערק, מער האב איך נישט וואס צו זאגן, וואס צו שרייבן". און י. אפאטאשו פון אמעריקע קאנסטאטירט אן אנדער שטימונג, וואס האט געהערשט ביי יידישע שרייבער אין אמעריקע: „די אלגעמיינע ארבעטס־אטמאספער, דער אלגעמיינער אנגעשטרענגטער טעמפ פון ארבעט צווינגט אויך די יידישע ליטעראטור צו ענערגיע און שאפן".

עס איז א גאנץ באזונדערע פראגע, צי אויך אין די אלע ווייטער־דיקע יארן האט דער יידישער שרייבער אין אמעריקע פארמאגט אין זיך אט דעם אימפעט, אט די שאפונגס־ענערגיע. פון דער גאנצער גרויסער גרופע „יונגע" האבן בלויז אייניקע פארגעזעצט אין די שפעטערע יארן זייער פראָ־דוקטיוון און אימפעטדיקן שאפן, און געשטיגן העכער און געגאנגען ווייטער. אנדערע האבן אויפגעלייזט זייערע שאפונגס־מעגלעכקייטן אין אייגענער באגרענעצקייט און אין פארליבטער אינזיכקייט און דעריבער ווייט נישט אוועק פון זייערע ערשטע ליטעראַרישע שריט. אין דעם ווייטערדיקן גאנג פון אנדערע ביי־צוגעקומענע אמעריקאנער־יידישע שרייבער האט זיך די צייט, די ארומיקע סביבה, די פראצעסן, וואס זענען פארגעקומען אין לעבן, אויף א אינטערעסאנטן אופן אריינגעביסן אין זיי און אין זייערע ווערק. און רעדן וועגן דעם געניער — הייסט פאנאנדערוויקלען אין איר גאנצער ברייט די רייכע געשיכטע פון דעם אמעריקאנער יידישן לעבן מיט דער געשיכטע פון דער אמעריקאנער יידישער ליטעראטור די לעצטע צוואנציק יאר.

ביי היינטיקן טאג איז די צאל גרויסע, טאלאנטפולע און באגאבטע יידישע שרייבער אין אמעריקע זייער באדייטנד.

עס לעבן און עס ווירקן אין דעם יידישן אמעריקאנער לעבן שרייבער, וואס זייער אנהויב שטעקט נאך מיט א פופציק יאר צוריק, זיי געהערן נאך צום ערשטן דור אמעריקאנער און אייראפעאישע שרייבער; עס זענען שאַ־פעריש־טעטיק מיט א „בארג־ארויף" אדער „בארג־אראפ" אויך יידישע שרייבער, וואס געהערן צום אויבנאן פון דעם צווייטן דור יידישע שרייבער

אין אייראָפּע, — דער נאָך־קלאַסיקער דור ; עס פּאַרעפּנטלעכן פון צייט צו צייט ווערק אויך יידישע שרייבער, וואָס זענען אויפגעקומען ערב דעם ערשטן וועלט־קריג און בעת דער וועלט־מלחמה ; און עס לאָזן זיך אויך הערן שטי־מען פון ייגגערע שרייבער, וואָס געהערן צו פאַרשיידענע ליטעראַרישע ריכ־טונגען און געזעלשאַפטלעכע גרופּירונגען. אָבער מען מוז קאָנסטאַטירן נאָך אַמאָל און ווידעראַמאָל די טרויעריקע דערשיינונג, אַז צוליב פיל עיקרדיקע סיבות איז דער צואוואוקס און נאָכוואוקס פון הי־געבוירענע יידישע שריי־בער אין דער היגער ליטעראַטור זייער אַ נישטיקער.

און בכלל, — דאָס אָרט, וואָס די היגע יידישע שרייבער פאַרנעמען אין דער היגער יידישער וועלט און די ראָלע, וואָס די יידישע שרייבער שפּילן איצט אינם היגן יידישן לעבן איז פּראָפּאָרציאָנעל פיל קלענער און שוואַכער פון דער גרויסער צאָל באַדייטנדיקע, טאַלאַנטפולע און באַגאַבטע יידישע קינסטלער, וואָס די יידישע אַמעריקע פאַרמאָגט. אָבער דאָס איז שוין ווידער פּראָבלעם פאַר זיך . . .

---

. . . .

דורות און תקופות אין אונזער יידישן לעבן, דורות און תקופות אין אונ־זער יידישע ליטעראַטור, —

און מיר אַלע, אונזער דור מענטשן, וואָס איז טעטיק אין דעם היגן קול־טור־געזעלשאַפטלעכן לעבן, — מיר אַלע זענען דאָך מיט אונזער טעטיקייט, מיט אונזערע זוכענישן, מיט אונזערע פאַרמעסטן אַריינגעגלידערט אין די שאַפנדיקע דורות און תקופות פון די לעצטע צענדליקער יאָרן.

און סוף כל סוף זענען מיר אַלע, — נישט נאָר די שרייבער און קינסטלער — מיטשאַפער און מיטבויער, מיטגייער און מיטטוער אין דעם גאַנג פון די דורות און תקופות אין אונזער לעבן און אין אונזער שאַפן.

1939.

# הויפּט־פּראָבלעמען פון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור

ד י ה ו י פּ ט ־ פּ ר אָ ב ל ע מ ע ן פון דער ייִדישער ליטעראַטור און נישט ד אָ ס ה ו י פּ ט ־ פּ ר אָ ב ל ע ם , ווייל ביי דער איצטיקער צעֵ־זייט־און־צעשפּרייטקייט פונעם ייִדישן שאַפן איבער אַ שטיק וועלט, איז שווער צו ריידן וועגן א י י ן הויפּט־פּראָבלעם, נאָר מען דאַרף ריידן וועגן ה ו י פּ ט ־ פּ ר אָ ב ל ע מ ע ן .

און הויפּט־פּראָבלעמען פון דעם ייִדישן שאַפן הייסט אייגנטלעך — די הויפּט־פּראָבלעמען פון דעם ייִדישן לעבן. ווייל דאָס ייִדישע שאַפן אין דער ייִדישער שפּראַך איז ענג פאַרבונדן מיט דעם רעאַלן ייִדישן פאָלקס־לעבן, עס ציט יניקה פון דעם ייִדישן מאַסן־לעבן.

און אַזוי ווי ייִדיש לעבן שאַפט זיך אין פאַרשיידענע ווינקלען פון דער ערד, ביי פאַרשיידענע באַדינגונגען, פּאָליטישע, סאָציאַלע, געאָגראַפישע און קולטורעלע, איז ממילא דער כאַראַקטער פון דער ייִדישער ליטעראַטור, אירע מאָטיוון, אירע טענדענצן אָפּהענגיק פון די אָרטיקע באַדינגונגען.

דעריבער, מיט איר גאַנצער איינהייטלעכקייט, וואָס די ייִדישע ליטע־ראַטור פאַרמאָגט, מיט איר גאַנצער פאַרבינדונג מיט דעם א י י ן ייִדישן פאָלק, זענען דאָך דאָ לאָקאַלע אייגנשאַפטן פון דעם און יענעם לאַנד, וואו די ייִדישע ליטעראַטור קומט אויף און אַנטוויקלט זיך.

אַמאָל, מיט יאָרצענדליקער צוריק, אין די צייטן, ווען מענדעלע, שלום עליכם און פּרץ האָבן דאָמינירט אין דער ייִדישער שאַפונגס־וועלט, דאַן איז געווען די ייִדישע ליטעראַטור, ווי דאָס רוב פון ייִדישן לעבן, ווי פון איין שטיק אויסגעגאָסן.

האָט טאַקע ש. י. אַבראַמאָוויטש, וואָס זיין שטייגער איז געווען צו פאַר־אַלגעמיינערן אַ ייִדישע אייגנשאַפט, זייער ריכטיק געזאָגט: „איז דען דאָ נאָך אַן אומה אויף דער וועלט, וואָס דער גאַנצער שטייגער־לעבן פון איט־לעכן באַזונדער זאָל זיך ציען פונם געבוירן ווערן ביז צום שטאַרבן אויף א י י ן נ ו ס ח , ווי ביי אונז, ייִדישע קינדער?“ און ווי דער שטייגער לעבן פון דעם ייִדישן יחיד, אַזוי זענען געווען פון איין נוסח אויך די ייִדישע שטעט און שטעטלעך מיט זייער לעבנס־שטייגער. קאַבצאַנסק, טונעיאַדעווו־

קע, גלופסק — ביי מענדעלען, קאסרילעווקע, מאזעפעווקע און יעהופעץ ביי שלום עליכמען זענען דאך געווען א שם־הכולל, א סימבאל פאר אלע יידישע שטעט און שטעטלעך.

און דערצו האט מענדעלע נישט געוואלט אויפנעמען קיין ענדערונג, קיין נייע פראצעסן אין יידישן לעבן. האט ער דאך דאס יידישע לעבן פארקאנ־סערווירט און אפגעחתמעט דעם גזר דין: „דער יידישער תחום איז ווי א קוואל, וואס ווערט קיינמאל נישט אויסגעשעפט. קאמפאניעס גייען, קאמ־פאניעס קומען, און קאבצאנסק און גלופסק וועלן בלייבן אויף אייביק". פאר מענדעלען, ווי פאר די דורות שרייבער מיט צענדליקער יארן צוריק, איז דאס קליינשטעטל געווען די אייבציקע קרעניצע, פון וואנען מען האט געשעפט חיות פאר זייער שאפן.

פון שטעטל אין דער גרעסערער שטאט — דאס איז געווען א שטיק צייט דער וויכטיקסטער פראצעס אין יידישן לעבן און אויך דאס הויפט־פראבלעם פון דער יידישער ליטעראטור מיט 30—40 יאר צוריק. אבער די דעמאלס־דיקע יידישע שטעט, גלופסק אדער יעהופעץ, זענען געווען אין תוך דער המשך פון קאבצאנסק און קאסרילעווקע — יעהופעץ איז דאך א סך קאסרי־לעווקעס צוזאמען גענומען, און מיט א שטייגער־לעבן, וואס איז שטארק ענ־לעך אויף דעם אמאליקן ש ט ע ט ל ד י ק ן לעבן.

די לעצטע פאר צענדליק יאר, און בעיקר די יארן זינט דעם וועלט־קריג, רעוואלוציע, בירגער־קריג, האבן שטארק געענדערט דעם כאראקטער פונם יידישן לעבן, איבערגעאנדערשט די יידישע מאפע, געגעבן גאר אנדערע ריכ־טונגען הונדערטיאריקע שטראמען, פאנאנדערגעווארפן גרענעצן צווישן יידי־שע קיבוצים און געשאפן נייע יידישע פאלקס־איינהייטן, ביי גאר אנדע־רע סיטואציעס. פון דעם א י י ן אמאליקן רוסלאנד איז אויסגעטיילט גע־ווארן א צאל יידן אין ראטנפארבאנד, וואס האט אנגעהויבן א ביי לעבן, אויף נייע סאציאלע יסודות; פון א טייל זענען געבילדעט געווארן „נאציאנאלע מינדערהייטן" אין ביי־אויפגעקומענע מלוכות, זיי זענען געשטעלט געווארן פאר נייע שווערע נסיונות און געראנגלענישן צו דערהאלטן זייער מאטע־ריעלן און גייסטיקן קיום.

די יידישע ליטעראטור, — ווען מיר נעמען דעם באגריף ברייטער און טיפער, ווען מיר נעמען אין באטראכט די פראצעסן, וואס קומען פאר אינם לעבן ביי די אלע שארפע און גרינטלעכע ענדערונגען, — האט געמוזט אפ־רופן זיך אויף אלדי געשעענישן אין לעבן. די יידישע ליטעראטור, דורך אירע שאפער, האט אויפגענומען די אלע פראצעסן און זיי געגעבן אין גאנצערע ווערק, אדער אפטמאל אין אנדייט, אין באריר, אין אויפהעל.

ארויסברענגען געגויער אט די אלע מאטיוון און פראבלעמען, וואס די

יידישע ליטעראַטור האָט אונז געגעבן די לעצטע צוואַנציק יאָר, — הייסט שרייבן די גרויסע געשיכטע פון דעם יידישן לעבן און פונם יידישן שאַפן פאַר די לעצטע נאָך־מלחמה־יאָרן.

מיר ווילן דאָ באַרירן בלויז אייניקע הויפּט־פּראָבלעמען פון דער יידי־שער מאָדערנער ליטעראַטור, — און נישט פון דער ג אַ נ צ ע ר יידישער ליטעראַטור, נאָר פון אייניקע טיילן אירע.

די יידישע ליטעראַטור האָט זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעוואַקסן, עס דער־שיינען איצט הונדערטער גוטע און בעסערע ווערק יעדעס יאָר, — אין צענ־דליקער פון זיי — גאָר פון באַדייטנדיקער חשיבות. זיי דערגרייכן אָבער נישט אין דעם גרעסטן רוב צום עולם און אויך נישט צו די שרייבער, וואָס האָבן טענות צו דעם יידישן שאַפן.

מען דאַרף דערביי נישט פאַרגעסן די זייער נישט־גינסטיקע באַדינגונגען, אין וועלכע עס געפינט זיך דער שרייבער פון פוילן, רומעניע, ליטע, און אויך פון דער רייכער און גליקלעכער אַמעריקע. און נאָך מער — אויף די אומ־גלויבלעכע שווערע באַדינגונגען פון אַרויסגעבן אַ יידיש בוך.

דאָס רופט זיך אָפּ אויף דעם געמיט פונם שרייבער און אויף זיין שרייבן גופא.

פאַר דעם אויג פון דעם ברייטן עולם, פאַר זיין אויפמערקזאַמקייט פּי־גורירן, לײדער, בלויז עטלעכע שרייבער און עס ווערן פאַרזען גאַנץ־באַדיי־טנדיקע שריפטשטעלער, וואָס האָבן פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר גע־בראַכט וויכטיקע ווערק, וואָס באַהאַנדלען שטיקער לעבנס פון דער לעצטער צייט. מיר האָבן אין דער יידישער ליטעראַטור שרייבער, וואָס גייען מיטן ברייטן שליאַך און מיט זייערע ווערק „דעקן זיי", ווי מען זאָגט, גרעסערע שטחים, נעמען אויף עיקר־איבערלעבונגען פון כלל, און פאַראַן שרייבער, וואָס גייען אויף זייטיקע וועגד־שטעגן, און מיט זייערע אָפטמאָל פאַראייג־צעלטע מאָטיוון און פּראָבלעמען באַרירן זיי וויכטיקע זייטן אין דער יידי־שער ווירקלעכקייט.

ווען מיר ווען ערנסטער באַטראַכטן די יידישע שרייבער און זייערע ווערק אין ליכט פון די לעבנס־געשעענישן, אין פּערספּעקטיוו פון יאָרן — וועלן מיר דאָן צו אונזער איבערראַשונג דערזען, אַז פּ י ל מ ע ר קינ־סטלער, וואָס זענען שאַפעריש אַקטיוו די לעצטע 20—25 יאָר, פאַרמאָגן אין זייערע ווערק אָפּקלאַנגען פון דער מערקווירדיקער צייט, פיל מער, ווי מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט. ווייל סוף־כל־סוף איז דאָך יעדער קינסטלער אַ פּועל־יוצא, אַ פּראָדוקט פון דער צייט און זיינע ווערק זענען דער אויסדרוק פון דעם איבערגעלעבטן און אַדורכגעפּיבערטן.

עס איז אָפטמאָל שווער אָנצורופן א י י ן גרויס ווערק, וואָס זאָל אויפ־

נעמען אין דער גאַנצער ברייט און טיף אַלדאָס געשעענע די לעצטע יאָרן אין דעם אָדער אַנדער לאַנד. אָבער דאָס, וואָס איין שרייבער האָט זיך נישט איינגעגעבן צו טאָן, האָבן עס אָפּט געטאָן צענדליקער שרייבער.

אָפּטמאָל האָבן מיר נאָך נישט קיין פולשטענדיק־רייפע פּראָבלעמען, וואָס די ליטעראַטור האָט אויפגענומען, אָבער דערפאַר האָבן מיר פיל מאָטיוון, וואָס זענען אויפגעכאַפּט דורך די שרייבער, מאָטיוון, וואָס ברענגען אַרויס סיטואַציעס, געמיט־צושטאַנדן, באַשטימטע פאַרהעלטענישן אין דעם לעבנס־גאַנג.

איינס פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען אין דער יידישער ליטעראַטור — איז דער ערשטער וועלט־קריג, וואָס עס האָבן אָפּטמאָל אומבאַהאָלפן באַשריבן מענטשן, נישט קיין פּראָפעסיאָנאַלע שרייבער, אָבער וואָס דער קריג האָט זיי סטימולירט צום שרייבן, צו טיילן זיך מיט די אוממיטלבאַרע איבערלעבענישן.

דער קריג, ווי שטאָף פאַר קינסטלער — דאָס איז שוין אַ צווייטע שטופע. אויב די דירעקט־באַטייליקטע אין קריג האָבן געשריבן בעיקר טאָג־ביכער, אויטענטישע איבערלעבענישן, האָט שוין דער קינסטלער באַנוצט פאַרשיידענאַרטיקע פאָרמען פאַר דעם אויסדרוק פון דעם אַלעמען, וואָס די וועלט־מלחמה האָט מיט זיך געבראַכט. דאָ האָבן מיר שוין לידער, פּאָעמעס, דראַמאַטישע ווערק, דערציילונגען, ראָמאַנען, היסטאָרישע ווערק.

און דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר דער קריגס־ליטעראַטור אין יידיש איז, וואָס פון אָנהייב אָן האָבן מיר די מלחמה נישט אַנערקענט, נישט געוואָלט זי אָננעמען, נישט ווי יחידים און נישט ווי אַ פאָלק. עס האָט ביי אונז געפעלט אינגאַנצן דער מין פּאַטריאָטישע ליטעראַטור, וואָס פאַרשיידענע פעלקער,—גרעסערע און קלענערע,—זענען געשטרויכלט געוואָרן מיט איר. דער פּאַטריאָטישער „טשאַד” האָט דאָך פאַרדרייט די קעפּ פון כמעט אַלע אייראָפּעאישע ליטעראַטורן. דערפאַר האָבן מיר גלייך באַקומען אַן אייגענעם „יידישן פּראָנט” — פון גזרות, בלבולים, אַרויסשיקונגען, פּאָגראָמען, עס האָט זיך אָנגעהויבן די האַרבע סדרה „לך־לך”, וואָס האָט אַרויסגעשטויסן טויזנטער יידן פון זייערע אַלט־באַזעסענע היימען. דאָס אַלץ איז אָפּגעשפּיגלט געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַטור.

נאָענט צו דער קריגס־ליטעראַטור איז די ליטעראַטור, וואָס שילדערט די אָקופּאַציע־צייט אין יידישן תחום פון געוועזענעם רוסלאַנד און אין אַ שטיק גאַליציע. וואָס דער קריג גופא האָט נישט באַוויזן צו פאַרטיליקן, האָט עס געטאָן די אָקופּאַציע. דער דייטש האָט באַוויזן צו דערנידעריקן, פאַראומווערדיקן די פרידלעכע יידישע באַפעלקערונג פון הונדערטער שטעט און שטעטלעך פון פוילן און ליטע. מיר פאַרמאָגן אַ רייכע און פאַרשיידנאַר־

טיקע „אָקופּאַציע‟-ליטעראַטור אין יידיש. און עס איז דאָך באַקאַנט פון אַלע צייטן, אַז יעדע דערשיטערונג אין יידישן מאַסן־לעבן, יעדע אויפ־טרייסלונג, רופט אַרויס צום לעבן נייע שרייבער, וואָס האָבן אַ מין „גע־היימע שליחות" איבערצוגעבן דאָס איבערגעלעבטע. אָפטמאָל ווערט זייער שליחות טאַקע מיט איינעם אַזאַ ווערק פאַרענדיקט. אָפּגעגעבן, וואָס זיי האָבן אַליין איבערגעלעבט, אָפטמאָל אין אַ מייסטעריש־קינסטלערישער פאָרם, און פאַרטיק, אַנדערע איבערלעבענישן זענען זיי פרעמד.

גאָר נייע, מונטערע טענער, דרייסטע ווערטער און באַפליגלטע אויס־דרוקן האָבן זיך געלאָזן הערן אין דער יידישער ליטעראַטור, בעיקר אין דער יידישער דיכטונג אין די יאָרן נאָך דער רוסלענדישער רעוואָלוציע. נישט נאָר, וואָס פריערדיקע יידישע דיכטער זענען צוגעשטאַנען צו דער מחנה זינגער און באַזינגער פון דער נייער צייט, נאָר עס זענען געקומען נייע יונגע רעוואָלוציע־טרובאַדורן אין אוקראַינע, אין גאַליציע, אין ליטע, אין ווייס־רוסלאַנד, וואָס האָבן אין זייערע לידער געגעבן דעם אָפּהילך, דעם אָפּקלאַנג פון דער מערקווירדיקער און שטורעמישער צייט, פון דער אויפברויזנדיקער תקופה. ווען מיר פאַרגלייכן אָט די רעוואָלוציאָנערע דיכטונג פון דער צייט פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע מיט דער רעוואָלוציאָנערער דיכטונג אין אַמעריקע צוריק מיט אַ 40 יאָר, זעען מיר ערשט דעם כאַראַקטער, דעם תוך פון דער איצטיקער דיכטונג. אַמאָל איז געווען אַ רוף אויף ווייטערדיקע צייטן, וואָס דאַרפן ערשט קומען, און דערווייל — האַס און צאָרן און פאַר־צווייפלונג. און דאָ — איז מען אַליין געקניפּט און געבונדן מיט די ראַשיקע געשעענישן, אַליין „שטיקער קופער", דורך דעם באַגייסטערטן דיכטער זינגט אַרויס די באַפרייטע מאַסע איר פרייהייט־געזאַנג.

און דערביי דאַרף מען אונטערשטרייכן, אַז אַנדערש זעען אויס די מלחמה־ווערק פון שרייבער, וואָס האָבן אַליין איבערגעלעבט אין דער נאָענט דעם קריג, פון די ווערק, וואָס עס האָבן געשאַפן יידישע שרייבער פון אַמע־ריקע. דיסטאַנץ האָט דאָ אַ גרויסע באַדייטונג. די מלחמה־ווערק, וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין אייראָפּע, האָבן אין זיך מער אוממיטלבאַרקייט, זיי זענען מער אָנגעגליט. דערפאַר זענען די קריגס־ווערק, וואָס זענען גע־שאַפן אין דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, קינסטלעריש העכער און רייפער.

אָט די אייגנשאַפט איז נישט בלויז צוגעפּאַסט פאַר די פאַרשיידנאַר־טיקע מלחמה־ווערק, וואָס זענען געשריבן געוואָרן דורך די יידישע שרייבער אין אייראָפּע און אין אַמעריקע.

עס איז מערקווירדיק, וואָס גראָד אין דעם טומלדיקן ניו יאָרק לעבט זיך דער יידישער שרייבער ביחידות. ער איז אויסגעטאָן פון די „הבלי־

עולם״ און זיך געשאַפן אַן אייגן וועלטל, וואָס האָט אַ קנאַפּע שייכות צו דער „זינדיקער״ וועלט אַרום. דער היגער ערנסטער שרייבער האָט זיך פאַר־מאָסטן אויף דורות און תקופות, וואָס ליגן אָפּטמאָל ווייט פון דעם איצט, פון דעם מאָמענט. עס איז ביי אים דער ווילן צו געבן אָפּשלוסן פון לעבנס, פון תקופות, אין דער צייט, וואָס דער שרייבער פון פוילן, רומעניע, ליטע איז שטאַרק פאַרוואַקסן מיט די פּראָצעסן פון דעם אַרומיקן לעבן, נישט צום אָפּטיילן. אָבער אייניקע היגע, אַמעריקאַנער, יידישע שרייבער ווערן אַליין פאַרוואַנדלט אין אַ שטיק פאַרגאַנגענהייט, אין אַן אַמאָל...

ס׳איז אפשר דערפאַר, וואָס אין דער יידישער אייראָפּע לעבן די יידן אַ פולער אייגן לעבן, מיט אַן אייגענעם לעבנס־שטייגער אין זייערע הייזער, מיט אַ יוגנט, וואָס איז מער יידיש און יידישלעך. אפשר איז עס דערפאַר וואָס אין דער יידישער אייראָפּע האָבן מיר יונגע שרייבער, וואָס זענען ערשט אַרויסגעוואַקסן פון זייער נאַטירלעכן באָדן, פון אַן אייגענער היים, — איז עס די יידיש־וועלטלעכע שול, וואַרשטאַט, ישיבה, רעוואָלוציאָנערע קרייזן, יידיש שטעטל. אין דער צייט, וואָס אין אייראָפּע ציט דער שריי־בער דירעקטע יניקה פון אַרומיקן לעבן, איז אין אַמעריקע דער שרייבער אַן איבערגעפלאַנצטער פון אַן אַנדער באָדן. די היגע שרייבער, די אַקטיווע, די וויכטיקע, זענען דאָ אַריבער די פופציקער אָדער ביי פופציק, און יעדער איינער פון זיי וויל אַרויסברענגען נישט נאָר שטיקער לעבן פון אַרום, נאָר דער עיקר זיין אייגן לעבן, — אַ לעבן, וואָס דער שורש איז ניט דאָ, אין דעם היגן באָדן, נאָר ערגעץ אַנדערש וואו, אָדער גאָר אין געשיכטע, אין ספרים, אין אידעען, וואָס שפּאַרן אַן מער אין הויכע עולמות, ווי זיי וואָלטן גע־שפּראָצט פון דער ערד. אוודאי האָט דאָ פיל צו זאָגן דאָס, וואָס עס פעלט אַ לעבעדיקע, שאַפערישע יוגנט, מיט יוגנטלעכער „העזה״ און „חוצפּה״. מיט נאַאיוויטעט, מיט ראָמאַנטישקייט. די היגע יידישע ליטעראַטור אין איר גרעסטן רוב איז סטאַטעטשנע, אין דער צייט, וואָס די יידישע ליטעראַטור אין אייראָפּע איז „פאַרשייטער״ און יוגטלעכער.

און נאָך זייער אַ וויכטיק פּראָבלעם, וואָס איז אויפגעקומען אין אונזער קולטור־וועלט נאָך דעם וועלט־קריג אין שייכות מיטן אויפקום פון קלענערע מלוכות מיט זייערע קולטורן און שפּראַכן.

ביז נישט לאַנג האָבן מיר געצאָלט „צינזן״ די גרויסע קולטורן און ליטעראַטורן אין די א. ג. וועלט־שפּראַכן — פראַנצויזישער, דייטשער, רו־סישער, ענגלישער. עס איז געווען אָפּטמאָל באַרעכטיקט און „נאָרמאַל״, וואָס מען איז אַוועק פון די אייגענע ד׳ אמות, פון דער יידישער קולטור־געטאָ אין דער גרויסער און ברייטער וועלט. קליין און אָרעם זענען מיר געווען לגבי די רייכע קולטורן, אין טעאַטער, אין ליטעראַטור, אין פּרעסע.

קומענדיק אין דער רייכער קולטור־וועלט, האָבן זיך פּאַר אונזערע „אפּטרי־ניקע" געעפנט אוניווערסאַלע האָריזאָנטן. פיל זענען טאַקע געוואָרן וועלט־בעמען. עס איז גרינגער געווען אַ פראַנץ ווערפל, אַ סטעפאַן צווייג, אַן אַל־פרעד דעבלין דורך דער דייטשער ליטעראַטור צו קומען אין דער ברייטער וועלט, איידער אַ יידישן שרייבער פון דער יידישער שפּראַך. אין די נאָך־מלחמה־יאָרן זענען מיר געשטעלט געוואָרן פאַר אַ בייער דערשיינונג: יידן האָבן אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אויך אין די ליטעראַטורן פון די קלענערע פעלקער — אין דער לעטישער, ליטווישער, עסטאָנישער, ווייסרוסישער, איך רייד שוין נישט וועגן דער פּוילישער, רומענישער, אונגאַרישער און טשעכישער א. אַ. דאָס איז געווען אַן איבעראַשנדיקע דערשיינונג, ווייל די ערשטע יאָרן ביים אויפקום פון די אַלע קלענערע מלוכות מיט אַ באַפעלקע־רונג, וואָס איז קלענער פון דער יידישער, מיט אַ קולטור־ספערע, וואָס איז אָרעמער פון דער יידישער, האָבן מיר געהאַט די האָפנונג, אַז אין דעם געד־ראַנגל פון די צוויי קולטורן, וועט די יידישע גובר זיין, ווייל זי איז רייכער, פאַרשיידנאַרטיקער, מיט ברייטערע האָריזאָנטן. אָבער אַדאַנק דער פאַר־שטאַרקטער טעטיקייט פון די ניי־אויפגעקומענע מלוכות אויפן געביט פון זייערע שולן, פון פאַרלאַגס־וועזן, האָבן די יידן גענומען פאַרלאָזן די יידישע שפּראַך, די יידישע ליטעראַטור און זיך באַהעפט צו די אָרטיקע לאַנד־לי־טעראַטורן.

אָבער דאָס איז פאַרבייגייענדיק. לאָמיר זיך אומקערן צו די מאָטיוון און פּראָבלעמען פון דער יידישער ליטעראַטור.

דער אונטערגאַנג פונם יידישן שטעטל — דאָס איז אַ מאָטיוו, וואָס גייט אַדורך ווי אַ רויטער פאָדעם איבער פיל ווערק, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַטור אין פּוילן, אין רומעניע, אין ליטע.

אַן איכה־געזאַנג אין פאַרשיידענע נוסחאות. עס איז אַוועק די צייט, ווען מען האָט באַזונגען דאָס יידישע שטעטל. עד היום באַזינגען דאָס יידישע שטעטל, דעם אַלטן שטייגער, די אַלערליי שרייבער, וואָס וואוינען אין דער ווייט פון דער אַלטער היים. דאָס שטעטל קומט אויף ביי זיי אין טרוים, אין וויזיע, אין פאַנטאַזיע. אַנדערש איז מיט דעם יידישן דיכטער, וואָס דאָס שטעטל האָט אים לעצטנס אַרויסגעשפּיגן, אַרויסגעשטויסן. דער־אָ יידי־שער דיכטער באַקלאָגט די חורבות און חרבונות, סיי די מאַטעריעלע און סיי די גייסטיקע. אָט דער חורבן־מאָטיוו פון יידישן שטעטל איז דאָמינירנדיק אין דער יידישער דיכטונג. מער נישט, וואָס אייניקע דיכטער זענען יוצא מיט קרעכצן און זיפצן, און אַנדערע פּרואוון שרייען, וואָרנען און רופן צו אַנ־דערע וועלטן. אייניקע דיכטער געפינען זיך אונטער דער משא פון די טרוי־עריקע דערשיינונגען, און אַנדערע טייטלען דערויף, כדי צו רופן אויף אַנ־

דערע וועגן, וואו מען זעט אויסלייז פון אומקום, פונם חורבן. די יידישע דיכ־טער ברענגען אין זייערע לידער דעם אויסדרוק פון דער בויט, פאַרצווייפ־לונג און אויסזיכטלאָזיקייט, וואָס עס הערשט אין דעם יידישן שטעטל אין מזרח־אייראָפּע.

אינטערעסאַנט איז, וואָס אין דער זעלבער צייט האָבן מיר אין דער יידי־שער ליטעראַטור פון גאָר דער וועלט אַן אַנדער מאָטיוו, אַ נייעם גאָר, וואָס מיר האָבן אים כמעט נישט געהאַט ביז אַהער אין דער יידישער ליטעראַטור. עס איז דאָס פּראָבלעם—ערד, ערדישער באָדן, דער דראַנג פון די יידישע מאַסן איינצואוואָרצלען זיך אויף ערד. דער יידישער שרייבער איז מיטגע־גאַנגען מיט די יידישע מאַסן אין זייערע אויסוואַנדערונגען פון שטאָט און שטעטל צום דאָרף, צום דאָרפישן לעבן, צו די קבוצות, צו די קאָלאָניעס.

אויף די ביכער־פּאָליצעס פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור שטייען איצט פיל ביכער, וואָס שילדערן דאָס לעבן פון יידן אין נייע ערטער אויפן לאַנד. ביראָ־בידזשאַן, די קרימער און כערסאָנער קאָלאָניעס, יידן אויף אַרגענטינער ערד, יידן אין די ארץ־ישראל־קאָלאָניעס און קבוצות, יידן אויף דער ערד אין דער ווייטער וועסט אין אַמעריקע — וועגן דעם אַלעמען האָבן מיר אַ פאַרשיידנאַרטיקע און קאָלאָריטרייכע ליטעראַטור. ווער עס וועט קומען שרייבן די געשיכטע פון דער באַוועגונג צו ערד, צו ערדישע קיבוצים, דער וועט האָבן זייער אַ רייכן קינסטלערישן מאַטעריאַל אין דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור.

ווען מיר ריידן וועגן די הויפּט־פּראָבלעמען און די הויפּט־טענדענצן פון דעם יידישן שאַפנדיקן גייסט פאַר דער לעצטער תקופה, מוז דערמאָנט ווערן אָט די ענדערונג, דער איבערבראָך, וואָס איז פאָרגעקומען פאַר אונזערע אויגן אין דער יידישער מאַסע, אין דער „לאַבאָראַטאָריע" פון דעם יידישן פאָלק. די לעצטע פאָר צענדליק יאָר האָט דער גאַנג פונם יידישן לעבן געפירט אַזוי, אַז די יידישע ליטעראַטור האָט זיך געוואָלדיק פאַנאַנדערגעוואַקסן אין שטח, אין פאַרנעם, האָט אַזוי אומגעריכט זיך אַרויסבאַפרייט פון אירע אייגע־נע צוימען און גרענעצן און, ווי אַ סטיכיע זיך פונאַנדערגעגאָסן איבער דער וועלט, אין דער צייט, וואָס די העברעאישע ליטעראַטור האָט זיך קאָנצענ־טרירט בלויז אין איין אָרט, אין ארץ־ישראל, און איבערגעלאָזט די גרויסע יידישע וועלט פאַר דער יידישער שפראַך, פאַר דעם יידישן שאַפן.

ווען מיר נעמען בלויז די יידישע ליטעראַטור פון א י י ן פּוילן, טרעפן מיט פאַרשיידנאַרטיקע קינסטלער און דיכטער, פאַרשיידנאַרטיק לויט דער געגנט, פון וואַנעט זיי שטאַמען, — פון גאַליציע, וואָלין, ליטע, פּוילן, ווייסרוסלאַנד. ווי עס איז נישט איצט איין איינהייט די יידישע באַפעלקערונג פון פּוילן, אָבער ווי אַנדערשדיק עס איז דער לעבנס־שטייגער,

דער קאַלאָריט, די לאַנדשאַפט פון די פאַרשיידענע געגנטן אין פּוילן! אַנדערש איז ממילא דער כאַראַקטער פון יידישן דיכטער פון בריסק, ווילנע, לעמבערג, קאָסאָוו, קוזמער, וואַרשע, פּינסק. די לעצטע פאַר יאָר האָבן די אַלע פאַרשיידענע געגנטן אין פּוילן צוגעטראָגן וויכטיקע ווערק דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. און נישט נאָר די געגנטן. אויך די פאַרשיידענע שיכטן און קרייזן פון דעם יידנטום, וואָס שיקן זייערע „פאָרשטייער" אין דער יידישער „רעפּרעזענטאַנץ", אין דער יידישער ליטעראַטור, זענען דאָך אין תוך פאַרשיידנאַרטיקע, אַנדערע. דורך פאַרשיידענע וועגן און דורך פאַרשיידענע טויערן קומט מען איצט צו דעם יידישן שאַפן. נישט נאָר דער אַמאָליקער טראַדיציאָנעלער חדר, נישט נאָר דער אַרבעטס־וואַרשטאַט, ווי עס איז געווען דער פאַל אין די פריערדיקע יאָרן; מען קומט אויך פון דער יידיש־פּוילישער סביבה. מיר האָבן איצט אין פּוילן דיכטער און דערציילער, וואָס וואָלטן ביי אַנדערע באַדינגונגען פאַרבליבן יידיש־פּוילישע דיכטער, און איצט זענען זיי באַהאַפטן געוואָרן צום יידישן שאַפן אין דער יידישער שפּראַך. און אַזוי אויך די ישיבה, וואָס האָט נאָך אין אייניקע שטעט פון פּוילן און ליטע אויפגעהיט איר אַטמאָספער, איר טראַדיציע, — אויך פון דער ישיבה קומען יידישע דיכטער, וויבאַלד קיין העברעאישע שאַפונגס־וועלט איז שוין אַזוי גוט ווי נישט געבליבן אין די „גלות"־לענדער. עס זענען לעצטנס אויך אויסגעשמידט געוואָרן דיכטער אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, אין דער לעגאַלער, ווי אין דער אומלעגאַלער, מיט אַן אָפענעם און אָפּטמאָל, צוליב די שווערע באַדינגונגען פון לעבן און אַרבעט, אין אַ פאַרטאַיעטער פאָרם. מיר וועלן שוין נישט ריידן וועגן דער יידיש־וועלטלעכער שול, וואָס האָט אונז געגעבן יונגע באַגאַבטע שרייבער, וואָס זענען פון קינדווייז אָן אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דער וואַקסנדיקער יידישער קולטור און יידישער שפּראַך.

אָט דער כסדרדיקער צופלוס פון נייע דיכטערישע כחות באַפרוכפּערט שטאַרק דאָס יידישע שאַפן, פאַריונגערט עס, גיט אים צו פרישקייט און פּאַטאָס. צווישן די יונגע פילט זיך אויך דער עלטערער שרייבער ייִנגער, פרישער, — דאָס וואָס מען קען עס נישט זאָגן וועגן דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

דאָס פּראָבלעם פון נאָכוואוקס איז זייער אַ וויכטיקס אין דער מאָדערנער יידישער שאַפונגס־וועלט.

די אויפגאַבע אונזערע איז—מיטהעלפן דעם נאָרמאַלן און אָרגאַנישן וואוקס פון יונגע יידישע שאַפער, קינסטלער און וויסנשאַפטלער, צייכענען וועגן פאַר זייער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג. דער סעקולאַריזאַציע־פּראָצעס אין אונזער מאָדערנעם יידישן לעבן איז זייער אַ וויכטיקער. ער איז אויך אַ

זייער ווייטגייענדיקער. און בעיקר איצט, ווען אייניקע דערשרעקן זיך און מאַכן טרעוואָגע — „צוריק אין געטאָ“, צוריק צו פאַרעלטערטע טראַדיציעס, ווען מ׳וויל פונסניי אַרויפציען אויף אונז מלבושים שוין לאַנג אָפּגעטראָגענע, ווען מ׳וויל ווידעראַמאָל אַרויסנעמען די פּאַטשיילע מיטן שטריימל, און מען פּראָוועט שוין אין דער שטיל „טישן“ און מען טיילט „שיריים“.

מוזן מיר אונזער שאַפערישע יוגנט נישט לאָזן פאַרקריכן אין דער שפּינוועבס־יידישקייט, וואָס פאַרלוירענע, רעזיגנירטע שרייבער וועבן איצט אין פאַרשיידענע ווינקלען פון אונזער היגן לעבן.

נישט אויף דעם וועג דאַרפן מיר ריכטן אונזער שאַפנדיקן קולטור־לעבן.

דאָס פּראָבלעם ייד און מענטש מוז דורך אונז ווייטער געלייזט ווערן דורך דעם פולן גלויבן אין דעם זיג פון דער פּראָגרעסיווער מענטשהייט, אויף דעם וועג פון סאָציאַלער גערעכטיקייט. זאָל דער דרויסנדיקער פאַשיזם נישט אַרויסרופן ביי אונז אַ היימישע, אינעווייניקסטע רעאַקציע און טרייבן אונז צוריק אין געטאָ.

צופיל מי און ענערגיע האָבן די לעצטע דורות יידן, סיי דער „עמך“־מענטש, סיי דער קינסטלער, געפּטרט אויף ארויסצואַנטפּלעקן אין אונז, אין אונזער שאַפונג אוניווערסאַלע, עכט־מענטשלעכע מאָטיוון און פּראָבלעמען, מיר זאָלן איצט, אין דער שווערער איבערגאַנגס־צייט, ווען עס פאָדערט זיך גלויבן און מוט, פּראָטעסט און ווידערשטאַנד־כח, זיך צוריקציען אויף אַלטע פּאָזיציעס, וואָס מיר האָבן שוין לאַנג פאַרלאָזט.

די יידישע ליטעראַטור, דאָס יידישע שאַפן דאַרף און מוז אויך אויף ווייטער זיין דער אויסדרוק, דער פולער אויסדרוק פון דעם דראַנג פון די יידישע מאַסן צו אַ פול און גאַנץ וועלטלעך לעבן. די יידישע ליטעראַטור דאַרף אויך אויף ווייטער אויספילן איר גרויסע און וויכטיקע שליחות — אַרויסברענגען דעם גאַנצן גערעאַנגל פון דעם יידישן פאָלק פון איצט און פון אַמאָל, אַרויסאַנטפּלעקן די אַלע ליכט און שאָטן פון דעם יידישן לעבן, און דערביי טראָגן אין זיך גלויבן און פּאַטאָס פאַר אַ שיינער וועלט ביי אַ גערעכטער סאָציאַלער מענטשלעכער אָרדענונג.

עס איז אויך אונזער וויכטיקסטע אויפגאַבע ביי היינט צו טאָג אויפצונעמען גאָר די יידישע ליטעראַטור, וואָס ווערט געשאַפן אין פאַרשיידענע טיילן פון דער וועלט, אויפנעמען זי ווי איין גאַנצע, נישט־צעטיילטע יידישע ליטעראַטור, וואָס קומט פון פאָלק און דאַרף דינען דעם פאָלק.

דאָס זענען אין אַלגעמיינע שטריכן די הויפּט־פּראָבלעמען פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור.

1940.

# פריילינג און שחיטה

מיר שטייען איצט אין סאַמע מיטן פון קאַמפן און געראַנגלעניש מיט דער ווילדסטער מענטשישער בעסטיע, מיטן היטלעריזם, וואָס מאַכט חרוב שטעט און געגנטן, צעשטערט און פאַרניכטעט יידישע ישובים און קיבוצים און וואָס פירט מיט זיי אַ מוראדיקן פיזישן און מאָראַלישן אויסראָט־קאַמף.

עס איז נאָך געוויס נישט די פּאַסיקע צייט, מיר זאָלן אויפנעמען אין דער גאַנצער ברייט און טיף אַלע אָפענע און נאָך מער — די געהיימע פּראָצעסן, וואָס זענען פאָרגעקומען און קומען איצט פאָר אין די אַלע לענדער, אין די גרעסערע און קלענערע יידישע ישובים און קיבוצים, וואָס זענען פריער אָדער שפּעטער אַריינגעפאַלן צו די היטלעריסטישע מערדער־באַנדעס די לעצטע צוויי יאָר.

אין דעם טאָג פון דין־וחשבון, וואָס וועט פריער־שפּעטער קומען, אין דעם גרויסן טאָג פון נקמה, — און אַזאַ טאָג איז שוין נאָענט, — וועט מען אויפזאַמלען און צונויפנעמען די אַלע טרויעריקע, טראַגישע און גרויזאַמע כראָניקעס וועגן די געוואַלדטאַטן און פייניקונגען, וואָס די דייטשע ברור־טאַלע אָקופּאַנטן האָבן אָנגעווענדט מיט אַזאַ אַכזריותדיקער קאַלטבלוטיקייט און מיט אַזאַ פּלאַנמעסיקן סאַדיזם איבער די פרידלעכע אומבאַוואָפנטע בירגער, די געוואַלדטאַטן און פייניקונגען, וואָס מען פירט אויס מיט דער עכט־אַרישער „פּינקטלעכקייט און אָרגאַניזירטקייט".

אָבער אויב מען קאָן ברעכן דעם גוף, איז פיל שווערער צו ברעכן דעם גייסט. מיר זענען זיכער, אַז אין די טיפענישן פונם פינצטערן יידישן לעבן אין די אַלע אומגליקלעכע שטעט און שטעטלעך, וואָס געפינען זיך איצט אונ־טער דער מערדערישער היטלערישער ממשלה, טליען פונקען פון האָפנונג, פון דערוואַרטונג, פון אויסלייזונג.

עס איז קיין ספק נישט, אַז די אַלע לענדער, וואו יידן ווערן איצט געמאַ־טערט און געפייניקט, וואו די יידישע מאַסן האָבן אויסצושטיין די ערגסטע דערנידערונגען, אויך דאָרט ווערט פאָרגעזעצט אַ יידיש קולטור־שאַפעריש לעבן, אַ ספּעציפיש, אַן אייגנאַרטיקס, לויט די ספּעציעלע באַדינגונגען און מעגלעכקייטן פון אַ תפיסה־ און געטאָ־רעזשים. עס ווערן דאָרט געוויס גע־שאַפן ווערק און ווערטן, וואָס טראָגן אויף זיך דעם חותם פון דעם גרויזאַמען לעבנס־שטייגער. פאָלקס־ליידן און פאָלקס־איבערלעבענישן גייען ניט לאיבוד,

זיי זאַמלען זיך און זיי ווערן אויפגעהיט כדי צו פאַרבלייבן אויף דורי־דורות. מיר ווילן געוויס מיט דער צייט איבערראַשט ווערן פון ווערק, וואָס זענען אויסגעוואַרעמט און אויסגעכּאַוועט געוואָרן אין דער מוראַדיקער סביבה, וואו ס'הערשט שפּאָט און האָס און פייניקונג. ס'איז באַקאַנט דאָס רוסישע וואָרט: „וואָס טונקעלער די נאַכט, אַלץ העלער שיינען די שטערן".

איצט קומט פאַר אַ נייער מאַרש פון די היטלעריסטישע האָרדעס אויף יידישע שטעט און שטעטלעך פון פוילן, וואָלין, ווייס־רוסלאַנד, ליטע, לעט־לאַנד, אוקראַינע, בעסאַראַביע. צעשטערונג, פאַרוויסטונג און טויט ווערן גע־בראַכט אויף אַלץ־נייע פרידלעכע געגנטן, וואָס האָבן געפירט אַן אינטענסיוו און פּראָדוקטיוו לעבן ביי די נייע באַדינגונגען פון אַרבעט און בויאונג, וואָס דער ראַטנפאַרבאַנד האָט געשאַפן פאַר אַלע זיינע פעלקער. צווישן די געגנטן, וואָס אויף זייער ערד קומען איצט פאָר די בלוטיקע שלאַכטן, האָבן מיר אויך די שטעט און שטעטלעך, וועלכע זענען די לעצטע צוויי יאָר באַפרייט געוואָרן פון זייערע פאַשיסטישע און האַלב־פאַשיסטישע הערשער און זיי זענען אַריינגענומען געוואָרן אין דער גרויסער פעלקער־משפּחה פון ראַטנפאַרבאַנד.

און גראָד איצט, אין די גרויזאַמע טעג, און אין דער מוראַדיקער גע־שפּאַנטקייט, וואָס די פאַסירונגען אויף די פראָנטן האַלטן אונז, גראָד איצט ווילט זיך אָפּשטעלן אויף די קולטור־שעפערישע פּראָצעסן, וואָס זענען פאָר־געקומען פאַר די לעצטע קנאַפּע צוויי יאָר אין די באַפרייטע געגנטן פון פוילן, ווייס־רוסלאַנד, ליטע, לעטלאַנד, בעסאַראַביע.

ווען מיר גייען באַהאַנדלען קולטור־שאַפנדיקע פּראָצעסן, איז קיין חילוק נישט, צי אָט די פּראָצעסן האָבן געדויערט לאַנגע יאָרן, אָדער זיי זענען פאָר־געקומען אין אַ קורצער צייט. אָפטמאָל קאָן מען אין אַ יאָר־צוויי אַדורכמאַכן מער ווי אַן אַנדערש מאָל אין צענדליקער יאָרן. ס'איז דאָ אָפטמאָל אַ „קפיצת־הדרך" אין דעם גאַנג פון דער געשיכטע. מען קוקט זיך גאָרנישט אַרום, און מען האָט שוין אַדורכגעמאַכט אין אַ קורצער צייט אַזעלכע ווייטע שטרעקעס, וואָס אין געוויינלעכע „נאָרמאַלע" צייטן דאַרף מען אויף דעם פאַרברויכן יאָרן און יאָרן.

דאָס קולטור־שאַפערישע לעבן פון די יידישע מאַסן ווערט נישט און קאָן נישט אָפּגעשלאָסן ווערן מיט די צייטווייליקע און צופעליקע לאַנד־גרענעצן. און עס איז דעריבער אַ חידוש, וואָס דאָס פּראָבלעם פון די קעגנזייטיקע, אָפּע־נע און באַהאַלטענע השפּעות פון די פאַרשיידענע יידישע, גרעסערע און קלע־נערע, עלטערע און ייִנגערע, ישובים און קיבוצים ווערט ביי אונז ווייניק באַ־האַנדלט. מיר מוזן אָט דאָס פּראָבלעם אויפנעמען ביי פאַרשיידענע געלעגנ־הייטן און יעדנפאַלס — אָוועקשטעלן עס יעדעס מאָל פונדאַסניי און איבער־הויפּט ביי די ניי־געשאַפענע סיטואַציעס.

אין אונזער איצטיקער אָפּהאַנדלונג ווילן מיר באַרירן די שאַפונגס־פּראָ־צעסן, וואָס עס האָבן געבראַכט מיט זיך די צונויפטרעפן, פאַרבינדונגען און לסוף — ענגערער קאָנטאַקט צווישן די יידישע געגנטן פון פוילן, וואָלין, ווייס־רוסלאַנד, ליטע, לעטלאַנד, עסטלאַנד, בעסאַראַביע מיט די אַלטע סאָ־וועטיש־יידישע קיבוצים.

צו אונז, אין אַמעריקע, זענען דערגאַנגען, ליידער, בלויז אָפּגעריסענע ידיעות פון אָט דער דערנענטערונג און באַהעפטונג פון די יידישע ישובים, מיט זייערע אייגענע, אייגנאַרטיקע, זינט יאָרן איינגעשטעלטע לעבנס־שטיי־גערס. די יידישע קיבוצים פון די דערמאָנטע געגנטן, וואָס זענען אין אייניעם אַ שיינעם טאָג געוואָרן אייגענע, היימישע, איינגעבירגערטע טיילן פון דעם ראַטנפאַרבאַנד, האָבן אַריינגעבראַכט מיט זיך אייגענע יידישע קולטור־אוצרות, אייגענע צענטראַלע און אָרטיקע קולטור־אינסטיטוציעס, מיט שולן, טעאַטערן, מיט לערער, שוישפּילער און שרייבער־קינסטלער פון פאַרשיידענעם מין און גראַד. פון דערוויייטנס האָבן מיר, צו אונזער פרייד, געזען, אַז די ניי־צוגעקומענע יידישע מאַסן זענען נישט געווען בלויז פּאַסיווע געניסער, בלויז זייטיקע צוקוקער און צוהערער צו דעם נייעם לעבן, צו דער נייער וועלט, וואָס האָט זיך פאַר זיי אַזוי פּלוצים און אומגעריכט אַנטפּלעקט. נאָר מען האָט אויך צוגעטראָגן אייגנס, צוגעטראָגן שאַפערישע ענערגיע און אויך וויכ־טיקע אוצרות פון קינסטלערישע דערגרייכונגען אויף פאַרשיידענע געביטן פונם יידישן מאָדערנעם שאַפן. עס איז אַ זיכערע זאַך: מיטן באַהעפטן די אַלע יידישע קיבוצים צום ראַטנפאַרבאַנד זענען צוגעקומען נייע פּראָדוצירנ־דיקע כוחות מיט נייע מאָטיוון, מיט אַ רייכן אָנלאָד פון קינסטלערישע דער־פאַרונגען, דערגרייכונגען און אויפטועןן, וואָס האָבן אויך געהאַט אַ גוטע און באַפרוכפּערנדיקע השפעה אויף די סאָוועטיש־יידישע קינסטלער און אויף דער אַלגעמיינער סאָוועטיש־יידישער קולטור־ און ליטעראַטור־וועלט.

עס איז לכתחילה געווען צו די אַלע ניי־צוגעקומענע אַ נייגיר, וואָס איז דערנאָך אַריבער אין אַ שטוינונג און מיט דער צייט איז אויך געקומען אַ טי־פערע פאַראינטערעסירונג צו די נייע קינסטלער.

אין לויף פון די קנאַפּע צוויי יאָר זענען פאַרגעקומען פיל אויפטריטן, פאָרשטעלונגען, פאָרלעזונגען, געמיינזאַמע קונסט־אָוונטן וואו די קינסטלער פון די ניי־צוגעקומענע קיבוצים האָבן אַרויסגעבראַכט פאַר דער סאָוועטיש־יידישער עפנטלעכקייט און פאַר די דאָרטיקע יידישע קינסטלער זייערע שאַ־פונגען. פאַר אָט דער צייט זענען אין די פאַרשיידענע צייטשריפטן און זשור־נאַלן, וואָס דערשיינען אין מאָסקווע, קיעוו, מינסק, בירא־בידזשאַן געווען פאַרעפנטלעכט לידער, פּאָעמעס, אויך (אין אַ קלענערער מאָס) דערציילונגען פון די ערשט־צוגעקומענע. אָט די צונויפטרעפן, אָט די געמיינזאַמע אויפ־

טריטן זענען געווען ביז גאָר נוצלעך און באַלערנדיק פֿאַר ב י י ד ע „צדדים". באַוואוסטע סאָוועטישע קינסטלער זענען אַראָפּגעקומען אין די אַלע נייע געגנטן און דאָרט אָנגעטראָפֿן אויף אַזעלכע קינסטלערישע און קולטורעלע כוחות, וואָס זיי האָבן גאָר וועגן זיי בישט געאַנט.

אין אַ בריוו צו מיר פֿון דעם באַוואוסטן יידישן קריטיקער י. דאָברושין פֿון מאָסקווע, געשריבן אָנהייב 1940, דערציילט ער וועגן אַ רייזע וואָס אַ גרופּע אָנגעזעענע סאָוועטיש־יידישע שרייבער (מאַרקיש, קוויטקאָ, האַלקין, קושניראָוו, נוסינאָוו און דאָברושין), האָט געמאַכט אין מערב־רוסלאַנד און אין מערב־גאַליציע. ער דערציילט וועגן ריזיקע אָוונטן, וואָס זענען פֿאָרגעקומען אין די געגנטן, און וועגן דער באַקאַנטשאַפֿט מיט פֿאַרשיידענע יידישע שרייבער, אויך וואַרשעווער. ער דערמאָנט אין בריוו די דיכטער און פּראָזאַאיקער י. רובינשטיין, ש. זאַראַמבע, משה זילבורג, בער מאַרק, לייזער וואָלף, ישראל עמיאָט, בונעם העלער, וואָס זענען דאָן געווען אין ביאַליסטאָק און די גרופּע שרייבער, וואָס האָבן זיך דאָן געפֿונען אין לעמבערג — אַלטער קאַצינזע, רחל קאָרן, נ. בליץ, ר. גרין, בער שנאַפּער און נאָך. „אַזוי אַז אונזער ליטעראַטור — שרייבט י. דאָברושין — איז היפּש באַרייכערט געוואָרן. מיר נעמען אָן מיטלען איינאָרדענען זייער לעבן און געבן זיי אַ מעגלעכקייט צו געניסן פֿון אונזערע שאַפֿונגס־מעגלעכקייטן. ס׳איז אַ טאַלאַנטפֿולע חברה. זיי פֿאַרדינען אויפֿמערקזאַמקייט און אַכטונג... מיר דרוקן איצט אַ נומער „סאָוועטיש", וואו די לעמבערגער גרופּע נעמט שוין אנטייל. מיר האָבן אַ פּעקל לידער פֿון הדסה רובין, זי איז אַ געראָטענע דיכטערין, פֿאַר אונז גאָר אַ נייע. איצט האָב איך געפֿונען איר נאָמען ביי אייך אין דער „יידישער קולטור"..(„יידישע קולטור", אַפּריל 1940).

יוני 1940 האָט דער סאָוועטיש־יידישער קינסטלער דער נסתר אין אַ בריוו צום מינסקער זשורנאַל „שטערן" (צו זיין 15־יאָריקן יובליי) געשריבן צווישן אַנדערן: „כ׳ווינטש זיך צו זען דעם זשורנאַל אַ פֿאַרברייטערטן און פֿאַרגרעסערטן, כדי ער זאָל קאָנען אָפּגעבן אויך גענוג אָרט פֿאַר די אונז צוגעקומענע באַפֿרייטע ברידער פֿון מערב־ווייס־רוסלאַנד און מערב־אוקראַינע, וואָס שוין ביי דער ערשטער, נאָך־שוואַכער באַקאַנטשאַפֿט מיט זיי, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין זייער פּערזאָן קומט אונז צו אַ היפּשע פֿאַלאַנגע עכטע קינסטלער, וואָס פֿאַרדינט אַ סאָוועטישע טריבונע".

ווען מיר בלעטערן די איינצלנע נומערן פֿון די סאָוועטיש־יידישע זשורנאַלן פֿאַר די לעצטע אַנדערטהאַלבן יאָר, וואָס זענען דערגאַנגען צו אונז, וואַרפֿט זיך אין די אויגן די גרויסע צאָל לידער פֿון די ניי־צוגעקומענע יידישע דיכטער. ווייניק זענען די צוגעקומענע פּראָזאַאיקער פֿאַרטראָטן אין די אויסגאַבעס. דאָס איז אַ פֿאַרשטענדלעכע זאַך: דער דיכטער קאָן

שנעלער ברענגען צום אויסדרוק זיין באַגייסטערונג, זיין אויפשטורעם, זיין איבערראַשונג. אַנדערש איז מיטן פּראָזאַאיקער, וואָס קאָן ערשט שפּעטער שילדערן סיטואַציעס, אַ לעבנס־שטייגער, מענטשלעכע געשטאַלטן, שטיקער לעבנס, וואָס האַלטן ערשט אין איינשטעלן זיך, אין פאָרמירן זיך.

---

עס זענען צוגעקומען צו דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור בפירוש פאַרשיידנאַרטיקע טאַלאַנטפולע און אינטערעסאַנטע דיכטער, מיט אייגענע דיכטערישע וועלטן, גייסטרייכע דיכטער, דיכטער־פּערזענלעכקייטן, און אַ צאָל פון זיי — שוין אינגאַנצן צייטיקע, רייפע. צווישן די דיכטער האָבן מיר אַזעלכע, וואָס האָבן געבראַכט מיט זיך פון פולן און פון גרייטן, ווי עס האָט זיך אין לויף פון יאָרן אויסגעשטאַלטיקט. צו זייערע דיכטערישע אוצרות וואָס זיי האָבן שוין פאַרמאָגט, זענען צוגעקומען נייע ווערטן, נייע איבער־לעבענישן, וועלכע זענען אין תוך געווען אין איינקלאַנג, אין האַרמאָניע מיט זייערע אייגענע, פריערדיקע וועלטן. דאָס, וואָס זיי האָבן אַפריער געאַנט, געבענקט נאָך דעם, איז איצט רעאַליזירט געוואָרן. פון טרוים איז געוואָרן וואָר, פון גאַרן איז געוואָרן ווירקלעכקייט. און דעריבער איז דער איבער־בוי־פּראָצעס ביי זיי געווען אַ נאַטירלעכער, אָרגאַנישער, מער ניט — זיי האָבן געפונען מער־פּאַסיקע באַדינגונגען און מעגלעכקייטן פאַר זייער שאַפן, וואָס איז סיי־ווי געווען געריכטעט אויף דעם וועג פון אַקצענטירן סאָציאַלן אומרעכט, פון דראַנג צו סאָציאַלער אויסלייזונג. אָט די דיכטער האָבן ווייַ־טער געצויגן דעם פאַדעם (מ׳קאָן זאָגן דעם ר ו י ט ן פאָדעם!) פון זייער שאַפן. אַנדערע דיכטער ווידער האָבן געמוזט זיך לחלוטין איבערבויען, זיי האָבן געמוזט באַקעמפן אין זיך פריערדיקע איינשטעלונגען, געמוזט מאַכן אַ נייעם שאַרפן קער פון זייער פריערדיקן דיכטערישן וועג, וואָס זיי זענען יאָרן געגאַנגען אויף אים. זיי האָבן געמוזט ביים פייער פון די נייע איבער־לעבענישן איבערשמידן זיך, און דאָס איז געוויס אייניקע דיכטער וואויל באַקומען און זייערע געזאַנגען זענען אַרויס נייע, אָפּגעפרישטע, זיכערע, דערמוטיקנדיקע.

מען וואָלט געקאָנט ברענגען מוסטערן און מוסטערן פון לידער און פּאָעמעס, פאַרפאַסט פון באַקאַנטע און באַוואוסטע יידישע דיכטער, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די סאָוועטיש־יידישע צייטשריפטן, — לידער און פּאָעמעס, וואו עס קומט צום אויסדרוק די פרייד און באַגייסטער־רונג, וואָס האָט אָנגעפילט די הערצער פון די יידישע דיכטער ביים אויפ־נעמען דאָס אומגעריכט־נייע לעבן. אַזאַ איבערראַשנדיקע פרייד און אַזאַ אויפצאַפּלנדיקע אַנטציקונג איז נישט שייך ביי די „אַלטע" סאָוועטישע דיכטער, וואָס די סאָוועטישע לעבנס־באַדינגונגען איז פאַר זיי אַן איינגע־

שטעלטע, קאַנאָניזירטע זאַך, און ממילא שוין אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע.

עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט נאָכצוגיין פוס־טריט נאָך אייניקע פון די טאַלאַנטפולע יידישע דיכטער, שוין מיט אייגענע דיכטערישע פיזיאָ־נאָמיעס און קינסטלערישע איינשטעלונגען, און זען אויף זייערע בייע שאַ־פונגען די דירעקטע השפעה פון דער אַרומיקער ווירקלעכקייט, און זיך אָפּ־שטעלן אויף דעם, ווי דער נייער שטאָף, דער נייער אינהאַלט זוכט נייע אויסדריקן און נייע פאָרמען.

אין דעם זינען זענען אינטערעסאַנט די לידער פון חיים גראַדע, — אַט דער טיף־אייגנאַרטיקער דיכטער, וואָס האָט מיט זיין בוך לידער „יאָ" און מיט זיין פּאָעמע „מוסרניקעס" און מיט זיינע אַנדערע לידער און פּאָע־מעס, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין די יאָרן 1934־1938, געשאַפן אַ גע־נוג־בולטע און פאַרענדיקטע דיכטערישע געשטאַלט. אָבער מיר ווייסן, אַז חיים גראַדע גופא האָט מיט אַ צוויי יאָר צוריק גראָד מורא געהאַט פאַר דעם ווייטערדיקן גאַנג פון זיין שאַפן. ער האָט געזוכט צו באַזיגן אין זיך די רעזיגנאַציע־שטימונגען, וואָס דאָס פאַרחושכטע יידישע לעבן אין פוילן האָט געקאָנט ברענגען. אין זיין רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין ווילנע (סוף 1938) ביים אויסטיילן אים די איקוף־פּרעמיע פאַר זיין לידער־בוך „יאָ" און פאַר זיין פּאָעמע „מוסרניקעס", האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף דער געפאַר, וואָס עס דראָט אים. ער האָט צווישן אַנדערן געזאָגט: „און נאָך עפּעס וויל איך זאָגן. איך שעם זיך ניט: די לעצטע צייט האָב איך כסדר געבענקט נאָך דער פינצטערניש אין הייל, פון וואַנעט איך בין אַרויס־געקומען, נאָך יענער איינזאַמקייט, וואָס האָט פאַרמירט מיין לעבנס־סטיל; נאָך יענעם קינדישן שרעק און גלויבן, וואָס האָט מיר געלאָזט איבערלעבן פאַנטאָמען און פאַטאַמאָרגאַנעס, און דאָס אויסגעדוכטע האָט מיר ווי גע־טאָן מער ווי די ווירקלעכקייט; נאָך דער טיפער געפאַלנקייט ניט צו זיין פון קיינעם געקאָנט; נאָך דעם גליק פון פאַרהוילעניש; נאָך דעם שטענ־דיקן פיבער און געהעכערטער גייסטיקער טעמפּעראַטור און נאָכן גאַנצן גרויל און שרעק פון אַ נישט־באַשירמטער קינדהייט און עלנטער יוגנט... אָבער איך ווייס: צו יענע קאָשמאַרן און שטימונגען טאָר איך זיך נישט אומקערן. מיין וועג איז צו דער געזעלשאַפט, צו אירע פּראָבלעמען און צילן..." און ווייטער: „מיר מוזן זוכן אין דער אייגענער געשיכטע באַגייסטערונג, קראַפט אין די העראָאישע ביישפּילן פון דער מענטשהייט, געמוטיקט צו ווערן אין דער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע, וואָס מיר לעבן איבער..." („יידישע קולטור", מערץ 1939, ז' 90).

אַזוי־אַרום איז דער ווייטערדיקער שאַפונגס־וועג פון ח. גראַדע געווען

ווי אַ פאַראויס־אָנגעצייכנטער, אויף וועלכן ער איז דערנאָך ביי דער נייער סיטואַציע געגאַנגען. און עס איז דעריבער אינטערעסאַנט, ווי אַט דער טיף־אייגנאַרטיקער און עכט־יידישטישער דיכטער האָט אויפגענומען אין זיך דאָס נייע לעבן און מיט אַן אייגנאַרטיקער פאַרטיפטקייט אַרויסגעשלאָגן די נייע טענער און מאָטיוון. זיינע נייע לידער זענען אַן אַרויסרוף זיין אייגענער פריערדיקער וועלט, וואָס ער האָט זי געוואָלט באַקעמפן אין זיך און נישט געווען גרייט דערפאַר. אין דער נייער איבערוואַנדלונג זייַנער האָט ער, דוכט זיך, מער ווי פאַרשיידענע אַנדערע יידישע דיכטער אַרויסגעבראַכט גאַר מערקווירדיקע לידער, וואָס דאַרפן אונז באַזונדערס אינטערעסירן. דאָס נייע האָט דורך אים באַקומען אַ באַזונדערן אויפשיין, און עס איז קיין ספק נישט, אַז ער וועט געוויס גיין אַלץ ווייטער אין אויסשמידן ניי דיכטעריש געווער ביים פייער פון דער באַנייטערווירקלעכקייט.

מ ש ה  ב ר אָ ד ע ר ז אָ ן, דער באַוואוסטער יידיש־פוילישער דיכטער, האָט באַקומען געוואָלדיקע מעגלעכקייטן פאַר דעם קליינקונסט־טעאַטער „אראראט“, וואָס איז זיינס „אַ קינד“, געבוירן און אויפגעכאָוועט אין לאָדז ביי די שווערסטע און אומנאָרמאַלסטע באַדינגונגען. אין זיינס אַ קורץ ליד האָבן מיר געהאַט אַ גרוס פון דער שאַפנדיקער פרייד, וואָס האָט אים ווי פאַרכלינעט.

אָט האָט איר אַ פּאָר שורות:

„אַזוי פיל זון — אַזוי פיל רעגנבויגן,
אַזוי פיל פרילינג מיטאַמאָל,
אַזוי פיל פרייד און גליק עס שטראָמט אַריין אין מיינע אויגן,
אַזוי פיל ליד אין יעדן מענטשן־קול“.

די דיכטערין  ר ח ל  ק אָ ר ן, די פאַרפאַסערין פון די לידער־ביכער „דאָרף“ און „רויטער מאָן“ און פון דעם נאָוועלן־בוך „ערד“, האָט אין דעם קיעווער זשורנאַל „סאָוועטישע ליטעראַטור“ (מאַי 1940) פאַרעפנטלעכט דריי לידער, וואָס זענען אונטערגעצייכנט מיט די דאַטעס, ווען זיי זענען געשריבן. דאָס ערשטע ליד — אין 1937, דאָס צווייטע ליד — אין 1938, און דאָס דריטע ליד איז שוין פון יאָר 1940, — דאָס מיינט געשריבן אין סאָוועטנפאַרבאַנד. די דריי לידער זענען ווי שטאַפלען, ווי וועג־צייכנס אין דעם דיכטערינס לעבן און שאַפן (די לידער זענען איבערגעדרוקט אין דער „יידישער קולטור“, 11־12, 1940). אינם ערשטן ליד האָבן מיר אַ שילדערונג פון דער פוילישער תפיסה, אין צווייטן ליד האָבן מיר געהיים־אַגענטן און אינם דריטן ליד ווערט געשילדערט די ערד, וואָס איז ערשט געווען „צעטראָטן און צעמערדערט מיט טאַנקס, האַרמאַטן, צעאַקערט אנשטאַט

מיט נייע אַקעראַייזנס, מיט שראַפּנעלן, מיטן באָמבעס און מיט שווערד", און איצט זאָגט די דיכטערין צו דער ערד:

„און איצט וואַך אויף פון אונטער שניי און שלאָף,
עס וואַרטן הענט אויף דיר צו מי און אַרבעט גרייטע,
וואָס גאַרן מיט די פינגער, ווי מיט פעסטע וואַרצלען,
אַריינוואַקסן אין דיינע בייטן רחבותדיקע, ברייטע.

עס וואַרטן הענט פאַרטרויטע דיר פון דורות,
וואָס פּרואוון אויס, ווי ווייכסטן סאַמעט, זייד,
דיין יעדע הרודע און דאָס מינדסטע גרעזל
און מיט ליבשאַפט נעמען אויף דיין ווילן און באַשייד".

דער באַקאַנטער דיכטער פון לעמבערג יעקב שודריך האָט אין אַ סעריע לידער („סאָוועטישע ליטעראַטור", אויגוסט 1940) אַרויסגעבראַכט די נייע מאָטיוון פון דער נייער ווירקלעכקייט. אין דעם ערשטן ליד „פריי־מאָרגן" דערציילט ער, ווי „דער אומעט שטאַרבט פאַר מיינע אויגן, און כ'וויים, ווי ס'איז דער טויט אים שווער. דאָך מיין קאָפּ פאַר אים וועל ניט בויגן, ווען ס'בליט דאָס גליק דאָ אויף אוקראַינעם ערד". און ער שרייבט ווייטער:

„מיר דאַרפן איצט דאָ אַלץ פאַנאַנדערבויען,
פון אונזער אַרבעט שטראָמען זאָל געזאַנג.
און שיין וועט זיין די פרוכט פון אונזער רויערד,
און ס'זאָל דער נייער דור אונז אָפּגעבן אַ דאַנק".

אינעם צווייטן ליד „פרילינג" האָבן מיר פאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטישע אויפמונטערנדיקע שורות:

„דו האָסט דאָך אוודאי געהערט שוין אין ווייטן,
אַז אונז האָט דאָס גליק צוגעשפּילט און געטראָפן.
עס שפּילן דאָ אַנדערע פידלען און פלייטן,
וואָס גיבן אונז גלויבן און גיבן אונז האָפנונג.

וואָס זאָל איך זאָגן, מיין גאָלדענער פרילינג,
עס האָט זיך אַזויפיל ביי אונז דאָ געענדערט,
דו ווערסט באַלד דערקאָנען, דו וועסט באַלד דערפילן,
ווי אַלע דאָ שיינען און אַלע דאָ בלענדן".

און נחום באַומזע, דער גאַליציאַנער ליריקער, גיט איבער אין

איינעם פון זיינע לידער „צו מיין היים" („סאָוועטישע ליטעראַטור", יולי 1940) זיינע געפילן צו זיין אַלטער היים, וואָס איז איצט גאָר אַ נייע, באַנייטע:

„איך בין געקומען צו דיר דורך אַלע געפאַרן:
דורך זומפּן, דורך וועלדער, דורך וואַסער, דורך פייער.
איצט זע איך דיך ווידער אַ נייע, אַ פרייע,
אָן יאָך פון די פּריצים, אָן שרעק פאַר די האַרן.

— — — — — — — — — — — —

נאָר דו, מיין היים, ביסט דאָ נאָך אַלע שטורעמס,
און איך, דער וואַנדערער, קום ווידער צו דיר אָן,
און ס'פלאַמט מיין האַרץ, ווי אויף דיין טורעם
די רויטע, פלאַטערנדיקע פאָן.

איך וועל רוען אַ ווײַלע, דערנאָך וועל איך ווידער
זיך אָוועקשטעלן אויף דיין שוועל,
און אויסזינגען מיינע שענסטע לידער
פאַר מיין שענסטער היים אויף דער וועלט!"

דער יידישער ליריקער פון גאַליציע מ ש ה ש י מ ע ל (ער איז געווען פריער אַ יידיש־פּוילישער דיכטער אונטערן נאָמען מאוריצי שימעל!) האָט פאַרעפנטלעכט אַ רירנד ליד „אַ שמועס מיט דער מאַמען" (איבערגעדרוקט אין „יידישע קולטור", אַפּריל 1941), וואו מיר זעען דעם איבערברוך, וואָס איז פאָרגעקומען ביים דיכטער. אָט אַ פּאָר פערזן פונם גרעסערן ליד:

דאָס ערשטע מאָל אין לעבן, מאַמע,
קאָן איך באַוואונדערן דאָס פעלד
מיט טיפן גלויבן אין דער וועלט,
וואָס ברענט אין מיר, ווי ס'ברענען פלאַמען.

— — — — — — — — — — — —

דער רויטער שטערן אויף אַ טורעם
אין סאַמע מיט פון אונזער שטאָט.
אַ, מאַמע מיינע, סאַראַ שאָד:
האָסט ניט דערלעבט דעם גרויסן שטורעם.

דו ביסט פון הונגער אויסגעגאַנגען,
ווי פיל פון אונזער אַרבעטער־קלאַס,

האָסט ניט דערלעבט דעם גרויסן שטורעם.
וואָס טראָגן זיך פון גאַס צו גאַס.

— — — — — — — — — — — —

דו וואָלסט די גאַסן ניט דערקענט,
דו וואָלסט אהיים שוין ניט געטראָפן.
עס שטייען טיר און טויער אָפן
פאַר הארטע, שטאַרקע ארבעטס־הענט.

דיין דוד אַרבעט אין אַ שאַכט,
און מלכה אין אַ נײַ־פאַבריק,
און איך באַזינג אין אונזער שפּראַך
דאָס טיפע, גרויסע, העלע גליק".

י ע ק ב  ג אָ ט ל י ב , דער דיכטער און עסעאיסט פון קאָוונע, שטייט אַ פאַרגאַפטער פאַר דעם פרילינג, וואָס איז פּלוצים אין מיטן האַרבסט געקומען... און אין זיין ליד, וואָס איז געדרוקט געוועזן אין ווילנער „עמעס" מאַי 1941 (דאָס ליד איז איבערגעדרוקט אין „יידישע קולטור") רעדט אויך אין אַ דערהויבן־יום־טובדיקן טאָן, אַז

„ס'האָט אַ האַנט, אַ וואונדערלעכע דיך פאַרזייט
ווי אַ קרן אין די דורותדיקע גרונטן.
האָסט געזויגן, אין די זאַמדן איינגעדרייט,
וואַרעמקייט פון אויבן, קוואַליטעט פון אונטן..."

און איצט זעט ער דעם פרילינג אויף דער ערד „אין גרינעם בלי, אַריינגעטאָן אין וואונדער פון דיין וואַקסן", און ער זעט דעם פרילינג „פלאַמענדיק אויף פלאַטערדיקע פאַנעז,

„אין שלאַכט אַנטשיידנדיקן פון מיליאַנען,
אויף דורות־באַרג ב'זע זיין ליכט, וואָס בליצט".

איינער, ביזאַהער אַן אומבאַקאַנטער דיכטער, מ א י ר  ה א ל פ ע ר י ן, פון ביאַליסטאָק, האָט צווישן אייניקע לידער אין דעם יובל־נומער „שטערן" (יולי־אויגוסט 1940) אַ ליד „פרייד".

ס'איז די ליכט נאָך אַ צייכן פון צעכוואַליעטע פרייד,
ס'צעפלאַקערט דאָס הארץ ווי אַ ווינט דאָס קלייד.

שיכור ווערט אַלץ אין דער נאַכט אַזאַ,
ביימער אויף וועגן טאַנצן אַנטקעגן הוראַ.

קרומע פּלויטן אויף צווינטערס געצוימט,
זינגען אַ ניגון פון דורות איינגערוימט.
און די אַלטע הייזעלעך איינגעפּאַלן שוין,
צעהוליען זיך אין לבנהדיקן שיין.

ס'איז די ליכט נאָך אַ צייכן פון צעכוואַליעטער פרייד,
ס'צעפּלאַקערט דאָס האַרץ ווי א ווינט דאָס קלייד".

דאָס זענען בלויז אייניקע אויסצוגן פון לידער פון די ניי־צוגעקומענע דיכטער, וואָס דערציילן וועגן די נייע, ניט־געדאַכטע איבערלעבענישן, וואָס האָבן פאַרכאַפּט דאָס האַרץ און אַרויסגערופן דעם טיפן עקסטאַז. אָבער דאָס זענען געווען אייגנטלעך די ע ר ש ט ע אָ נ ז אָ ג ן , און עס האָבן גע־דאַרפט קומען די ו ו י י ט ע ר ד י ק ע ש אַ פ ו נ ג ע ן , אַ רעזולטאַט פון ווייטערן איינבייסן זיך אַלצמער אין דער נייער ווירקלעכקייט.

די צייט איז געווען צו־קורץ, אַז דער פאַרזיי זאָל אויפגיין, זיך פאַנאַנ־דערוואַקסן, ברענגען די דיכטערישע גערעטעניש, און אוודאי איז נאָך ניט געווען קיין צייט אויפצוזאַמען עס אין פולע שייערן. מיר האָבן געהאַט גרוסן, אַז אייניקע דיכטער האָבן שוין געהאַט צוגעגרייט גרעסערע לידער־זאַמלונגען, וואָס דאַרפן דערשיינען אין סאָוועטיש־יידישע פאַרלאַגן.

אָבער ד ע ר ו ו י י ל , — לאָמיר האָפן, אַז עס איז בלויז אַ ק ו ר צ ע ר ד ע ר ו ו י י ל , — איז דער „ג אָ ל ד ע נ ע ר פ ר י ל י נ ג" אין די אַלע געגנטן פאַרביטן געוואָרן אויף מוראדיקער שחיטה, אויף חורבן, וואָס עס ברענגען מיט זיך די ווילדע, ברוטאַלע נאַצישע אַריינדרינגער, און די קנאָספּן און בליטן, וואָס האָבן באַדאַרפט אויפגיין און פאַנאַנדערוואַקסן אין אַלע געגענטן, מוזן, ווי אין אַ פּלוצימדיקער קעלט, אויף אַ ווײַלע איינגע־שרומפּן ווערן.

אָבער די שחיטה־צייט וועט גיך פאַריבער, און ווידער וועט אויפבליען דער פרילינג.

1941.

# הויפּט־שטריכן פון דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור

אין דער איצטיקער צייט, ווען אונזערע הערצער און געמיטער זענען גע־וועגדט צום סאָוועטן־פאַרבאַנד, צו די העראָאישע קאַמפן, וואָס די פעלקער פון סאָוועטן־פאַרבאַנד און דאָס יידישע פאָלק צווישן זיי, פירן אָן קעגן די היטלערישע באַנדעס — אין דער איצטיקער צייט איז ביי אונז אַלעמען דאָ דער ווילן אויפצונעמען וואָס־פולער און באַגרייפן וואָס־קלאָרער די פאַר־מעסטן און דערגרייכענישן פונם סאָוועטישן יידישן שאַפן, כדי גענויער צו וויסן און פאַרשטיין דעם לעבנס־גאַנג פון דעם סאָוועטיש־יידישן לעבן.

נאָוועמבער 1941 איז געפייערט געוואָרן דער 24סטער יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. צווישן די אַלע גרויסע פּראָצעסן און געוואַלדיקע איבערשיכטונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אויף אַלע געביטן פונם לעבן און שאַפן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד פאַר די 24 יאָר, האָט אויך די יידישע ליטע־ראַטור, ווי די אַלע אַנדערע ראַטנפאַרבאַנדישע ליטעראַטורן, דורכגעמאַכט אינטערעסאַנטע און באַלערנדיקע פּראָצעסן און איבעראַנדערשונגען, און האָט אויפגענומען די אַלע וויכטיקע אַלגעמיינע און יידישע איבערוואַנדלונגען און פאַרגעשטאַלטיקט זיי אין פאַרשיידנאַרטיקע ווערק.

און באַזונדערס איז נויטיק פאַר אונז פאַנאַנדערצוויקלען די מגילה פון דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור, אויפנעמען איר וואוקס און אַנט־וויקלונג, איר פאַרנעם און איר פאַרמעסט אין די איצטיקע גרויסע היסטאָ־רישע טעג, ווען דאָס יידישע לעבן, באַגלייך מיטן לעבן פונם גאַנצן גרויסן סאָוועטנלאַנד, שטייט איצט אין מיטן פון גרויסע געראַנגלענישן מיט דער ברוטאַלער מאַכט, וואָס האָט צעשטערט גרויסע יידישע סאָוועטישע קיבוצים און חרוב געמאַכט אייביקע קולטור־שאַפערישע צענטערן, און עס איז דאָרט צייטווייליק איבערגעריסן געוואָרן דער נאָרמאַלער גאַנג פון לעבן און שאַפן.

די לעצטע פאָר חדשים זענען מיר עדות פון דעם היטלעריסטישן צוריק־גאַנג, און מיר זענען פול מיט גלויבן און האָפענונג, אַז דער היטלעריזם וועט אויף די בלוט־אָנגעזאַפּטע סאָוועטישע פעלדער און אין די צעשטערטע סאָוועטישע שטעט באַקומען זיין ענדגילטיקע מפּלה. אָבער עס איז קיין ספק

נישט, אַז די גרויזאַמע קריגס־צייט וועט ענדערן דעם כאַראַקטער, דעם אויסזען, דאָס אינערלעכע וועזן פון דער יידישער ליטעראַטור, פונקט ווי דאָס אַרומיקע לעבן, די ווירקלעכקייט האָט זיך געענדערט און ענדערט זיך. סיי דער שווערער קריג, סיי די זיגרייכע נאָך־מלחמה־צייט רוקן אַרויס און וועלן אַרויסרוקן נייע לאָזונגען און שטימונגען, נייע מאָטיוון און פּראָבלעמען פאַר די פעלקער פונם סאָוועטנלאַנד און זייערע ליטעראַטורן, וואָס זענען אַזוי ענג און אָרגאַניש פאַרבונדן מיט זייער לעבן, מיט די אינעווייניקסטע און דרויסנדיקע גראַנגלעניש.

אָבער כדי צו שאַפן זיך אַ גענויע פאָרשטעלונג פונם סאָוועטישן יידנטום מוזן מיר זיך פאַרטיפן אין די ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור.

מיר זענען נאָך ניט פאַרטיק צו געבן אַ פולע און פאַרגאַנצטע אָפּהאַנדלונג וועגן דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור. מען דאַרף ערשט פאָרשן און שטודירן, מען דאַרף ערשט נאָכזוכן און „אַנטפּלעקן". עס פעלן נאָך די נויטיקע ביכער, די געהעריקע צוגרייט־אַרבעטן פאַר אַ פולשטענדיקער אָפּשאַצונג פון דער יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור.

ווען מיר טרעטן־צו נענטער צו באַטראַכטן די סאָוועטיש־יידישע ליטעראַטור, שטעלט זיך פאַר אונז די פראַגע: צי איז די סאָוועטיש־יידישע ליטעראַטור פאַר די פיר און צוואַנציק יאָר פון א י י ן מין, פון א י י ן כאַראַקטער, אָדער עס זענען דאָ שרייבער פון פאַרשיידענע ריכטונגען און פון פאַרשיידענע דורות און פעריאָדן.

מיר זענען אַלעמאָל געוואוינט צו באַטראַכטן אַ דור, אַ תקופה אין אַ צייט־לויף פון אַ פּאָר צענדליק יאָר. אָבער גאָר אַנדערש איז עס אין דעם סאָוועטיש־יידישן לעבן און ממילא מיט דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור. אין לויף פון די פיר און צוואַנציק יאָר איז פאָרגעקומען אַ פאַרשנעלערטער גאַנג פונם דאָרטיקן יידישן לעבן, און דאָס האָט זיך אויף אַ נאַטירלעכן אופן אָפּגערופן אויף דער דאָרטיקער יידישער ליטעראַטור. אַ דור איז געקומען, און אַ צווייטער, יינגערער דור האָט אים גיך נאָכגעיאָגט און אָנגעיאָגט. יאָגן און אָניאָגן — דאָס איז געווען אומעטום, סיי אין לעבן, סיי אין דער אינדוסטריע, סיי אין דעם שאַפן, אַ וויכטיקער עלעמענט.

די גרופּירונג און צעטיילונג פון די יידיש־סאָוועטישע שרייבער אויף דורות און פעריאָדן איז זייער וויכטיק, ווייל דורך דעם וועט לייכטער זיין צו פאַרשטיין און אויפפאַסן די וויכטיקסטע ענדערונגען און אַנטוויקלונגען פון דער דאָרטיקער יידישער ליטעראַטור. מיר וועלן זען, ווי יעדער פעריאָד, יעדע עטלעכע יאָר פון דעם סאָוועטיש־יידישן לעבן האָבן אַרויסגערוקט גאָר אַנדערע, נייע טענדענצן, לאָזונגען, אויפגאַבן און פאַרלאַנגען, וואָס זענען

געווען טיף און אָרגאַניש פֿאַרבונדן מיט די לעבנס־פּראָצעסן און לעבנס־פּאַ־סירונגען אין לאַנד.

און דאָס סאַמע פּריידיקסטע און גלייכצייטיק סימפּטאָמאַטישסטע איז, וואָס די צאָל *יונגע* און *יינגערע* שרייבער אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד איז ניט אין אַן ערך גרעסער ווי די צאָל *עלטערע* יידישע שרייבער. מיר האָבן אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד גאָר אַ רייכן צוואוקס און נאָכוואוקס פֿון קינסטלערישע יידישע כּוחות.

ווייל מען ווייסן און באַגרייפֿן, וואָס ס'האָט זיך געטאָן אין יידיש־סאָוועטישן לעבן פֿאַר די קנאַפּע 25 יאָר, — זינט 1917 ביז איצט — דאַרפֿן מיר זיך ווענדן צו דעם יידישן שאַפֿן אין ראַטנפֿאַרבאַנד, צו די אַלע לידער, פּאָעמעס, דערציילונגען און ראָמאַנען, ווי אויך צו די פֿאַרשיידענע אַנדערע צווייגן פֿונם יידישן קולטור־שאַפֿן אין ראַטנפֿאַרבאַנד. און ווען מיר ווילן פֿאַרשטיין און אָפּשאַצן ווי ס'דאַרף צו זיין דאָס יידישע שאַפֿן אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, מוזן מיר אויפֿנעמען און באַגרייפֿן די אַלע פּאַסירונגען, געשע־ענישן, איבערוואַנדלונגען און איבערשיכטונגען, וואָס זענען אין לויף פֿון דער צייט אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד פֿאָרגעקומען.

איינס דערגאַנצט דאָס צווייטע, דורך איינעם וועלן מיר בעסער אויפֿ־נעמען דאָס אַנדערע.

זעלטן־ווען אַ ליטעראַטור איז אַזוי געקניפּט און געבונדן מיטן רעאַלן, אַרומיקן, שאַפֿנדיקן לעבן, ווי די יידישע ליטעראַטור אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. זעלטן־ווען יידישע שרייבער זענען אַזוי געשטאַנען האַרט ביי דער ערד, גע־צויגן זייער יניקה, געשעפּט זייער באַגייסטערונג פֿון דעם לעבן, געזוכט אַן אויסדרוק פֿון רעאַלע, ממשותדיקע איבערלעבענישן און פּאַסירונגען, ווי אין סאָוועטן־לאַנד.

וואָס זענען די גרונט־עלעמענטן און וויכטיקסטע שטריכן פֿון דער יידי־שער ליטעראַטור אין ראַטנפֿאַרבאַנד ?

פֿריער פֿון אַלץ —

קיינמאָל אין דער געשיכטע פֿון דער יידישער ליטעראַטור איז די ליטע־ראַטור און אירע שרייבער נישט געווען אַזוי ענג און אָרגאַניש און אַזוי ממשותדיק פֿאַרבונדן מיט דעם אַרומיקן אַלגעמיינעם לעבן פֿונם *לאַנד*. עס זענען אָפּגעשאַפֿט געוואָרן די *גרענעצן* צווישן דעם *אַלגע־מיינעם* לעבן אין לאַנד און דעם *ספּעציפֿיש־יידישן לעבן*, אָדער ספּעציפֿיש־יידישלעכן לעבן.

ס'איז אַ גוט־באַקאַנטע זאַך: — עס האָט געהערשט און עס הערשט ביז איצט אויך אין די דעמאָקראַטישע לענדער אַ מין יידישע געטאָ, אַ מין יידי־שער „תחום”. דאָס אַלגעמיינע, אַרומיקע לעבן, די אַלגעמיינע סאָציאַלע,

פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע, קולטור־גייסטיקע אינטערעסן און טענדענצן איז א י י ן זאַך, איין וועלט, און די יידישע, די יידישלעכע אינטערעסן, קאַמפן און געראַנגלענישן, ליידן און פריידן זענען ע פּ ע ס אַ נ ד ע ר ש. די אַלגעמיינע קולטור און ליטעראַטור לעבט זיך אין קאָנטאַקט, אין איינקלאַנג, אין קעגנזייטיקער באַווירקונג מיטן אַלגעמיינעם „אַרום", און די יידישע קולטור און ליטעראַטור האָט זיך אירע אייגענע יידישע ד' אמות. ס'איז אַ וועלטעלע אַ באַזונדערס, וואָס לעבט און לעבט זיך אויס אין ענגע אייגענע גרענעצן, אויסער דער אַלגעמיינער וועלט.

מיר קענען אָפט געפינען ו ו י י ט ־ אָ פּ ג ע ש י י ד ט ע און ו ו י י ט ־ אָ פּ ק ל י נ ג ע נ ד י ק ע ווירקונגען און איינפלוסן פון אַרומיקע נישט־יידישע קינסטלער אויף זייערע מיטצייטלעכע יידישע שרייבער. השפּעות און אָפּקלאַנגען האָבן מיר געפונען אין דער יידישער ליטעראַטור און ביי יידישע שרייבער אין פאַרשיידענע צייטן פון אייניקע דייטשע, רוסישע, פּוילישע, אַמעריקאַנישע אָדער — אין אַ קלענערער מאָס — פון פראַנצויזישע און ענגלישע שרייבער.

גאָר אַנדערש איז עס מיט דער יידישער ליטעראַטור און מיט די יידישע קינסטלער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. דאָס יידישע לעבן איז נישט צום אָפּטיילן פונם אַלגעמיינעם לעבן אין ראַטן־פאַרבאַנד. אַלע ענדערונגען, פּראָצעסן, איבערשיכטונגען, פאַרמעסטן און אויפשטייגן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין לאַנד, ביים בויען און אויפבויען די סאָציאַליסטישע אָרדענונג, האָבן אין גלייכער צייט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף דער יידישער וועלט. פאַרשטייט זיך, אַז די יידישע מאַסן, ווי די מאַסן פון די אַלע אַנדערע צענדליקער פעלקער, וואָס באַוואוינען דאָס גרויסע לאַנד, האָבן אויף אַן אייגנאַרטיקן כאַראַקטער און שטייגער דורכגעמאַכט די אַלע ענדערונגען און איבערוואַנדלונגען. עס זענען אָבער נישט געווען קיין דרויסנדיקע שטערונגען און אויסערלעכע באַגרענעצונגען פאַר דער איבערשיכטונג, פאַר דער איבערגרופּירונג, פאַרן פאַנאַנדערוואוקס און אַנטוויקלונג פון דעם יידישן פאָלק ביים פּראָצעס פון אַריבערגיין צו די נייע לעבנס־פאָרמען.

און דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין דעם שאַפן פונם באַפרייטן יידישן פאָלק. פון איין זייט האָבן זיך געעפנט טיר און טויער צו דעם אַרומיקן לעבן, צו אַלע פּאָזיציעס, — עקאָנאָמישע, וויסנשאַפטלעכע, אינדוסטריעלע, מיליטערישע, מלוכהשע, פאַר די פריער־געדריקטע רעכטלעך־באַגרענעצטע יידישע מאַסן, און פון דער צווייטער זייט — האָבן זיך געעפנט נייע אינעווייניקסטע שאַפונגס־קוואַלן.

איז דער פּראָצעס — די דרויסנדיקע און אינעווייניקסטע באַפרייאונג —

פֿאָרגעקומען איינצייטיק סיי אינעם לעבן און סיי אין דער יידישער ליטעראַטור.

דער שטאָף, די טעמאַטיק, די פּראָבלעמען, די מאָטיוון, די טענדענצן אין דער יידישער ליטעראַטור זענען פֿון דעם זעלבן כאַראַקטער און שניט, ווי אין די אַלגעמיינע ראַטנפֿעלקישע ליטעראַטורן.

דער געזאַנג פֿון דעם אויפֿקום פֿון רעוואָלוציע, דער בירגער־קריג, די קריגס־פֿראָנטן, איבערגאַנג צום פֿרידלעכן פּראָצעס פֿון בויען, די קאָלווירטן, דער פֿינף־יאָר־פּלאַן, פֿיבער פֿון אינדוסטריעלע פֿאַרמעסטן, פֿאַנאַנדערבוי פֿון שטעט און פֿאַבריקן, אַריינמאַרש אין נייע פּראָדוקציע־צווייגן, סאָציאַליסטישער רעאַליזם — דאָס אַלץ וואָס האָט זיך געריסן צום אויסדרוק אין די אַלע ליטעראַטורן פֿונם ראַטנפֿאַרבאַנד, האָט אויך סטימולירט און באַפֿרוכפּערט די יידישע ליטעראַטור אין די געגנטן און רעפּובליקן, וואו זי איז אויפֿגעקומען און זיך אַנטוויקלט.

און נאָך אַ וויכטיקער עלעמענט אין דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור פֿאַר די קנאַפּע 25 יאָר פֿון איר אויפֿקום און פֿאַנאַנדערבלי.

אָט דער קורצער פּעריאָד — אַ קנאַפּער פֿערטל־יאָרהונדערט — האָט צו פֿאַרצייכענען עטלעכע דורות יידישע שרייבער, אָדער עטלעכע תּקופֿות אין דער ליטעראַטור, וואָס זענען רעזולטאַטן פֿון די באַזונדערע פּעריאָדן אינעם לעבן פֿונם ראַטנפֿאַרבאַנד.

אוודאי איז נישט גרינג שאַרף פֿאַנאַנדערצוטיילן די ווירקנדיקע און שאַפֿנדיקע יידישע קינסטלער אויף גאַנץ־באַזונדערע דורות. אָבער לפּי־ערך, אומגעפֿער, לאָזט זיך קלאַסיפֿיצירן זיי אויף אַ פֿיר אָדער פֿינף דורות שרייבער.

ס׳קומט אויס אַביסל מאָדנע — אַ צייט־אָפּשניט פֿון 25 יאָר איינצוטיילן אויף דורות און תּקופֿות. אָבער אַזוי איז עס. פֿאַראַן צייטן, ווען אַ דור, אַ תּקופֿה ציט זיך יאָרצענדליקער (אַמאָליקע יאָרן ביים פֿאַמעלעכן און בהדרגהדיקן גאַנג פֿון דער געשיכטע האָט אַ תּקופֿה געדויערט אויך יאָרהונדערטער). אין דעם האַסטיקן, אימפּעטדיקן לעבן פֿונם ראַטנפֿאַרבאַנד איז אַ דור, אַ תּקופֿה, אַ פּעריאָד געווען קורצער, ווייל די ענדערונגען אינעם לעבן, די פּראָצעסן זענען געווען שנעלע, ראַשיקע. האָט אַ תּקופֿה געהאַט אַן אָפּשניט פֿון עטלעכע יאָר.

איין דור יידיש־סאָוועטישע שרייבער געהערט צו דעם פּאַראַקטאַבערישן פּעריאָד. דאָס זענען די שרייבער, — איצט־סאָוועטישע, — וואָס האָבן אָנגעהויבן צו שרייבן נאָך פֿאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און פֿאַרן וועלט־קריג. צו דער גרופּע געהערן דער נסתּר, ליפֿמאַן לעווין, דוד בערגעלסאָן, משה טייטש, ב. אָרשאַנסקי, יודל יאָפֿע, א. וועוויאָרקע, אויך צבי

הירשקאָן (וואָס איז איין צייט געווען ענג־פאַרבונדן מיט דער סאָוועטישער ליטעראַטור). אָט די גרופּע קינסטלער האָבן אין די יאָרן 1907—1917 פאַר־נומען יעדער איינער זיין אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור, געשאַפן ווערק פון פאַרשיידענעם אינהאַלט און פאָרם. ערשט מיט יאָרן שפּעטער איז פאַר־געקומען ביי יעדן איינעם פון זיי אַ באַזונדערער פּראָצעס פון אַריינגלידערן זיך אין דער משפחה סאָוועטישע שרייבער. און ס'איז פון באַזונדערן אינטע־רעס נאָכצוגיין און נאָכצופאָלגן ווי יעדער איינער פון דער ע ר ש ט ע ר גרו־פּע אָדער ערשטן דור, ווי זיי זענען אַריינגעוואַקסן געוואָרן אין דעם יידיש־סאָ־וועטישן לעבן. גאָר באַזונדער האָט די סאָוועטישע ווירקלעכקייט אַריינגע־דרונגען אינעם שאַפן, אין די ווערק פון דוד בערגעלסאָן, דער נסתר און ליפּ־מאַן־לעווין. דער איבערגאַנג פון „נאָך אַלעמען" און „אָפּגאַנג" צו „מידת הדין", „בירא־בידזשאַנער" און „ביים דניעפּר" („פּענעק" און „יונגעיאָרן") ביי דוד בערגעלסאָן איז זייער אַן אינטערעסאַנטער און מערקווירדיקער. פּונקט ווי ס'איז מערקווירדיק און טיף־באַלערנדיק דער גאַנג פון דער אויס־טערלישער און נישט־געדאַכטער טעמאַטיק פון דעם אַמאָליקן סימבאָליקער דער נסתר צו זיינע ווערק „הויפּטשטעט" און נאָך מער — צו זיין ראָמאַן „די משפחה מאשבער".

דער גרינטלעכער פאָרשער פון דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור וועט זיך אויספירלעך אָפּשטעלן אויף דעם וויטן מהלך, וואָס דיביידע אָנ־געזעענע יידיש־סאָוועטישע שרייבער דוד בערגעלסאָן און דער נסתר האָבן דורכגעמאַכט אין לויף פון די לעצטע צען־צוועלף יאָר.

און גלייך קומט דער צווייטער דור, אָדער גרופּע, יידישע שרייבער, וואָס איז געקומען אין די ערשטע טעג, וואָכן און חדשים פון דער רוסלענדישער רע־וואָלוציע, די ערשטע טויבן, וואָס די שיף פון דער רעוואָלוציע האָט אַרויס־געשיקט איבער דער וועלט, וואָס איז נאָך געווען פאַרפלייצט פונם מבול, פונם וועלט־קריג, אָנצוזאָגן די גרויסע בשורה, אַז ס'איז געקומען די באַפריי־אונג, אַז אַ ניי לעבן קומט אָן. דאָס זענען די דיכטער אָשר שוואַרצמאַן, דוד האָפשטיין, פּרץ מאַרקיש, לייב קוויטקאָ, בייניש שטיימאַן און נאָך. אָט די דיכטער זענען געקומען מיט שאַלנדיקע רופן, מיט הילכיקע געזאַנגען, מיט איבערפליסנדיקער פרייד, מיט נישט־געצוימטער באַגייסטערונג. לייענט אַדורך זייערע לידער פון יענער צייט, וועט איר איבעראַשט און אַנטציקט ווערן פון דער שפע, פון דער סטיכיע, פון דער בונטאַרישקייט. מיטאַמאָל זענען אַראָפּגענומען געוואָרן די צוימען פון דעם יידישן דיכטערישן וואָרט. ס'זענען אויפגעפּראַלט געוואָרן די הערצער, ס'זענען אויפגעריסן געוואָרן די געמיטער.

און ס'האָט דאָ געגאָלטן דער אַלטער כלל : יעדער מאַסן־אויפברויז, יעדע

צייט־סטיכיע רוקט אַרויס נייע שאַפערישע כחות, וואָס טראָגן אין זיך דעם „שטורם און דראַנג" פון דער תקופה. עס איז געווען ווי אַלע האָבן געזונגען אין כאָר, אַלע זענען געוואָרן אינסטרומענטן, אויף וועלכע די צייט גופא, די אויפגעשטורעמטע מאַסן האָבן אויפגעשפּילט און אויסגעשפּילט זייערע געזאַנגען. יעדער דיכטער איז מיטגעריסן געוואָרן פון דער אַרומיקער סביבה, ער איז געווען אָפּטמאָל ווי אַ שטיינדל אויף די צייט־כוואַליעס. און די צייט, די תקופה, וואָס איז אַזוי אויפגעריכט געוואָרן, האָט מער גערעדט דורך דעם ד י כ ט ע ר , ווי דורכן פּ ר אָ ז א א י ק ע ר . דער פּראָזאאיקער האָט דאַן נאָך נישט געהאַט פאַר זיך קיין גענוג־אָפּגעקילטן, גענוג־אָפּגעשטעלטן שטאָף. דאָס לעבן איז נאָך נישט אַריין אין די ברעגעס, מענטשן האָבן נאָך נישט באַרואיקט זיך און קיין צייט און מעגלעכקייט נישט געהאַט צו שאַפן לעבנס־שטייגער.

ס'איז דאָ נישט דאָס אָרט אָפּצושטעלן זיך גענויער אויף די פאַרשיידענע לידער־זאַמלונגען, וואָס אייניקע פון די דערמאָנטע דיכטער האָבן אין די ערשטע יאָרן, אין 1917־1918־1919, פאַרעפנטלעכט. ווער ס'וועט שרייבן די געשיכטע פון דער אומגעריכטער, צעפּראַלטער פרייד, וואָס האָט דאַן באַהערשט די יידישע מאַסן, וועט שעפּן פולע הויפנס פון יענע לידער און פּאָעמעס.

און אינמיטן רייסן זיך אַריין די מוראדיקע שחיטות, דער בירגער־קריג, די אַלע קאַמפן און געראַנגלענישן, וואָס די לענדער און פעלקער אינם געוועזענעם רוסלאַנד ווערן אין זיי פאַרכאַפּט. נאָך זענען נישט פאַרהיילט די וואונדן פונם וועלט־קריג, נאָך זענען נישט אויסגעבויט די צעשטערטע שטעט און שטעטלעך, נאָך האָט נישט באַוויזן דער סאָלדאַט אויסטאָן זיין גרויען שינעל, — און ווידער קומען־אויף פראָנטן, וואָס אייגענע און פרעמדע שונאים שטעלן אויף קעגן דער ראַטנמאַכט און קעגן דער פרידלעכער באַפעלקערונג.

באַזונדער גיסט זיך אויס דער צאָרן אויף אוקראַיִנע, וואו מאַכטן בייטן זיך יעדע פאָר חדשים, וואו ס'קומען אויף באַנדעס מיט באַנדיטישע פירער, און אויך פרעמד־מאַכטן קומען אָן און פאַרוואַנדלען גאַנץ אוקראַיִנע אין אַ בלוטיקן שלאַכטפעלד.

און יידישע שרייבער און יידישע דיכטער נעמען אויף דעם צער, די פּיינונגען, די געוואַלדטאַטן און פּרואוון עס שילדערן אין זייערע ווערק.

אָט דער בירגער־קריג מיט זיינע גרויזאַמקייטן, דער בירגער־קריג, וואָס האָט אָפּגעקאָסט דער יידישער באַפעלקערונג צענדליקער טויזנטער נפשות און געבראַכט מוראדיקע פאַרוויסטונגען אין הונדערטער שטעט, איז נישט נאָר געווען די טעמע פאַר באַלדיקע ווערק — לידער און פּאָעמעס, — נאָר יאָרן און יאָרן שפּעטער און אַזוי ביז די לעצטע יאָרן האָט דער בירגער־קריג

אַלץ גערעגט און געדרייצט די יידישע שרייבער אינם ראַטנפאַרבאַנד. עס זענען דערשינען צענדליקער ווערק, וואָס שפּיגלען אָפּ יענע צייט מיט אַלע אירע טונקעלע און ליכטיקע מאָמענטן. מיר פאַרמאָגן פיל ווערק, גרעסערע און קלענערע, וועגן העראָאישע פּאַרטיזאַנען, וואָס האָבן מיט מסירת־נפש זיך געשלאָגן אויף פאַרשיידענע פראָנטן מיט היימישע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן, ווייס־גוואַרדייער און מיט די פרעמדע אַריינדרינגער.

אויסער די שוין־דערמאָנטע קינסטלער, דאַרף מען צורעכענען די שרייבער מ. דאַניעל, איציק קיפּניס, ש. גאָדינער און נאָך און נאָך, וואָס האָבן געבראַכט באַדייטנדיקע ווערק פון יענער ביטערער צייט.

און אָט קומט די באַרואיקונג, די סאָוועטן־מאַכט מיט דער העראָאישער רויטער אַרמיי טרייבן אַרויס, ראַטן־אויס, רייניקן־אָפּ דאָס לאַנד פון אַלע רעשטלעך, וועלכע האָבן באַקעמפט דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. ס׳הייבט זיך אָן אַ פרידלעך לעבן, מען פאַרבייט די שווערד אויף אַ סערפּ, דעם האַרמאַט אויף אַן אַקער. אין די אַלע שטעט הויבט זיך אָן אַ פאַרצווייגט קולטור־שאַפעריש בויען, און ס׳רוקן זיך אַרויס נייע דיכטער און דערציילער — א. קושניראָוו, ע. פינינבערג, איציק פעפער, מ. כאַשטשעוואַצקי, כאַנע לעווין, איזי כאַריק, משה שאַפּיראָ, ליפע רעזניק, ז. אַקסעלראָד און נאָך און נאָך.

אין די ווערק פון דעם ד ר י ט ן דור שרייבער האָבן מיר שוין מער די מאָטיוון און געזאַנגען פון דעם סאָוועטישן לעבן, די שטימונגען און טענדענצן פון דעם לעבן, וואָס הויבט אָן אַנגעמען נייע לעבנס־פאָרמען, דיקטירט דורך די נייע סאָוועטישע באַדינגונגען.

און ווען דאָס יידישע לעבן ווערט רעקאָנסטרואירט, ווען ס׳קומען אויף יידישע קאָלאָניעס, יידישע קאָלווירטן, ווערט די יידישע ליטעראַטור פאַרכאַפּט מיט דעם־אַ פּראָצעס, וואָס גייט ענדערן די לעבנס־יסודות פונם יידישן מענטש, פון די יידישע מאַסן. קומט דאַן נאָטע לוריע מיט זיין „דער סטעפּ רופט", פייוול סיטאָ מיט זיינע דערציילונגען און שילדערונגען פון דעם לעבן פון די יידישע פּאַרוואָרלאָזטע קינדער, וואָס ווערן אַריינגעצויגן אין פּראָדוקטיווע לעבנס־אינסטיטוציעס, קומען אויך אַנדערע יונגע שרייבער מיט נייע געשטאַלטן.

די פּראָדוקטיוויזירונג פון די יידישע מאַסן, די אינדוסטריאַליזירונג, דאָס פּיבערשע בויען, וואָס פאַרכאַפּט אַלץ־ברייטערע שיכטן פונם יידישן פאָלק, דאָס אויפקומען פון נייע מענטשן, פון נייע געשטאַלטן — דאָס אַלץ ציט־צו די אויפמערקזאַמקייט פונם יידישן קינסטלער, סיי די יינגערע און אויך די עלטערע.

נאָך דעם יונגען מ. אַלבערטאָן, וואָס פאַרפיקסירט די ערשטע איינוואַנדערער־איבערלעבענישן אין בירא־בידזשאַן אין זיין רעפּאָרטאַזשן־בוך „בירא־

בידזשאַן", קומט דוד בערגעלסאָן מיט זיינע שילדערונגען „בירא־בידזשאַ־נער". פרץ מאַרקיש גיט אונז פריער אַ ברייט און פאַרצווייגט ווערק „בישט געדאַיגעט" און דערנאָך זיין „בעל־גופּס טויט", וואו ער מאָלט אויף זיין רייך־בילדערישן אופן דאָס לעבן און די געראַנגלענישן אין די יידישע קאָלאָניעס. שפּעטער ווערט ער מיטגעריסן מיטן דניעפּער־בוי באַגלייך מיט אַ ריי אַנ־דערע דיכטער און שרייבער, נישט־יידישע און יידישע.

און אין פיל אַנדערע צענדליקער ווערק ווערן פון יינגערע שרייבער אַרויס־געבראַכט די נייע לעבנס־דערשיינונגען און די נייע לעבנס־סיטואַציעס, וואו די לעבעדיקע, אַקטיווע, שעפערישע מענטשן ווערן געשילדערט אין זיי. אין אַ ריי מייסטערישע דערציילונגען שטרייכט אונטער דאָס נייע און מיט טרעפלעכע פאַרגלייכן מיטן אַלטן — דוד בערגעלסאָן אין אַ באַנד דערציי־לונגען „לעבעדיקע מענטשן" וואו די „חברטע בראָניע" ווערט קעגנגעשטעלט קעגן דער „נאָך אַלעמען" העלדין מירעלע הורוויץ, און אַ שטומער — קעגן זיין אַמאָליקן טויבן א. א. וו.

און ס'איז אינטערעסאַנט, וואָס גראָד אין די לעצטע פּאָר יאָר, ווען דער טראָפּ ווערט געשטעלט אויף דעם סאָציאַליסטישן רעאַליזם, ווען די סאָוועט־טישע קינסטלער זענען געשטאַנען מיטן פּנים צו דעם וואַקסנדיקן לעבעדיקן מענטשן און רעאַלן לעבנס־שטייגער, גראָד אין דער צייט איז געווען דער דראַנג ביי אַ ריי יידישע קינסטלער אַרויסברענגען וויכטיקע תקופות פון דער ווייטער און נאָענטער פאַרגאַנגענהייט, און אין דעם בייעם ליכט און אינם שיין פון היינטיקן וועלט־באַנעם.

איז געקומען דער יונגער שרייבער א. קאַהאַן מיט אַ ראָמאַן וועגן באַ־רימטן סאָציאַליסט אהרן ליבערמאַן; מ. דאַניעל מיט אַ דראַמאַטיש ווערק „שלמה מיימאָן"; האָט דער פאַרטיפטער דיכטער ש. האַלקין פאַרפאַסט אַ גרויסע דראַמאַטישע פּאָעמע „בר כוכבא"; האָט דער נסתר אָנגעשריבן זיין פראַכטפול ווערק „משפחה מאשבער", וואו ער שילדערט אויף אַ ברייטן ליי־וונט און מיט אַ סך אויטענטישער און היסטאָרישער עכטקייט דעם יידישן באַרדיטשעוו פון די 70ער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט; האָט דוד בערגעלסאָן אין זיינע ביידע טיילן „ביים דניעפּר" פאַנאַנדערגעוויקלט אַ יידיש פּאַראַליעד שטעטל און דערנאָך די שטאָט קיעוו פון סוף 19טן און די ערשטע יאָרן פונם היינטיקן יאָרהונדערט; האָט פרץ מאַרקיש אין זיינע צוויי בענדער „דור־אויס, דור־איין" אַרויסגעבראַכט אַ רייך, קאָלירפול לעבן פון אוקראַינע ערב דעם וועלט־קריג, און דערנאָך די אַלע פּאַסירונגען, די אַלע ווייען און פריידן, די אַלע גרויזאַמקייטן פונם בירגער־קריג מיט יעקאַטערינאָסלאַוו, קיעוו אין דער מיט.

דאָס זענען דריי ווערק פון גרויס קולטור־געשיכטלעכער און קינסטלע־

ריש־מייסטערישער באַדייטונג, ווערק וואָס וועלן פאַרנעמען אַ בכבודיקן אָרט אין אונזער יידישער ליטעראַטור בכלל.

און אין איין צייט מיט דעם רייכן און פאַרצווייגטן שאַפן פון די עלטערע שרייבער, די פאָרשטייער פון דעם ע ר ש ט ן און צווייטן און דריטן דור שרייבער, באַמערקן מיר אַ רייך און פאַרצווייגט שאַפן פון ייִנגערע און פון גאָר יונגע, וואָס זענען ערשט צום וואָרט געקומען, און מיט ערשטלינגען־ביכער אַרויסגעקומען.

ערשט די טעג זענען צו אונז דערגאַנגען צוויי ביכער, וואָס זענען אַרויס אינמיטן 1941 אין מאָסקווע, — צוויי ביכער דערציילונגען: „ביראָבידזשאַנער דערציילונגען" פון מ. גאָלדשטיין און „צווישן בינשטאָקן" פון ה. דאָבין, וואָס שילדערן פאַר אונז דאָס ביראָבידזשאַנער יידישע לעבן, דעם יונגען יידישן ישוב מיט זיינע איינוואוינער, וועלכע האָבן זיך פאַרמאָסטן צו באַקעמפן די נאַטור־כוחות און מיט ברען און מיט באַגייסטערונג בויען זיי אַ יידיש־לאַנד. .... ..

און סאַר אַ פרישקייט, סאַר אַן אימפעט, סאַר אַ שאַפונגס־ענערגיע עס שלאָגט פון די דערציילונגען.

אין קיין שום לאַנד איז, ווי געזאָגט, נישט געווען צום באַמערקן אַזאַ צופלוס פון שאפערישע, קינסטלערישע כחות, אַזאַ וואונדערבאַרער צואוואוקס און באַגוואוקס פון יונגע טאַלאַנטן. דאָס איז גאָר אַ באַזונדער דערפרייענדיקע דערשיינונג אין דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור סיי אין דער בעלעטריסטיק, און סיי אין דער ליטעראַטור־פאָרשונג.

די יידיש־סאָוועטישע ליטעראַטור איז פיל רייכער, פאַרצווייגטער און קאָליר־פולער, ווי מיר שטעלן זיך אַליין פאָר. מיר דאַרפן זיך מיט איר נאָענטער באַקענען, מיר מוזן זי גרינטלעכער אויספאָרשן.

1942

# שרייבער, וואָס זענען דערמאָנט אין דעם בוך

# אינהאלט

# ווערק פון נחמן מייזיל